# פאלקס=לידער

פון מ. קיפניס און ז. זעליגפעלד'ס

## קאנצערט=רעפערטואר.

אויף קורס [illegible]
[illegible]

פארלאג א. גיטלין.

# די גאָלדענע פּאַווע.

And. (פּאַמעליך)

*mf*

ווע – פּאַ נע – דע – גאל די גען – פלוי – גע איז עס

האט לאנד דען – פרעמ א פון לאנד דען – פרעמ א פון

*cresc.*

דער – פּע נעם – דע – גאל דעם רען – לוי – פּער זי

1. 2.

שאנד. האט שאנד סען — גרוי א מיט

עס קומט צופליען די גאָלדענע פּאווע
פון אַ פרעמדען לאַנד,
פון אַ פרעמדען לאַנד,
האָט זי פאַרלוירען דעם גילדענעם פעדער } ביס
מיט אַ גרויסען שאַנד.

ס'איז נישט אַזוי דער גילדענער פעדער,
ווי די פּאַווע אַליין,
ווי די פּאַווע אַליין,
עס איז נישט אַזוי דער איידעם } ביס
ווי די טאָכטער אַלייז.

ווי עס איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
אַ פויגעלע אויף דעם ים,
אַ פויגעלע אויף דעם ים,
אַזוי איז ביטער, מיין ליבע מוטער, } ביס
ביי אַ שלעכטען מאַן.

ווי עס איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
אַ פויגעלע אָן אַ נעסט,
אַ פויגעלע אָן אַ נעסט,
אַזוי איז ביטער, מיין ליבע מוטער,
שווער און שוויגער'ס קעסט. } בּיס

# מאַמעניו, ליובעניו.

Andante. (ניט גיך)

*mf*

מאַ-מע-ניו, ליו-בע-ניו, קרוי-נע-לע, האר-צע-לע,

שווייג שוין אַ ווי-לינ-קע שטיל! שווייג שוין אַ ווי-לינ-קע שטיל!

לעש אין מיר מיין הע-לי-שען פּ—ער, און

גיב מיר שוין ווע-מען איך וויל! גיב מיר שוין ווע-מען איך וויל!

מאַמעניו, ליובעניו, קרוינעלע, הארצעלע,
שווייג שוין אַ ווייליגקע שטיל! (ביס)
לעש אין מיר מיין העלישען פייער } ביס
און גיב מיר שוין ווּעמען איך וויל!

איך האָב זיך איינגעליבט אין אַ שיין יונגעלע,
שיין ווי אַ רענדעל גאָלד. (ביס)
אים, מאַמעניו, האָב איך געליבט } ביס
און אים האָב איך טאַקע געוואָלט.

שפּאַצירען, דושעס-לעבען, זענען מיר געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם בולוואַר; (ביס)
אַלע מיידעלעך, שפּילען ליבעס, } ביס
און איך בין געבליבען צום נאַר.

שפּאַצירען, דושעס-לעבען, זענען מיר געגאַנגען
אַרום און אַרום דעם גראָז; (ביס)

האָס פאַר אַן אומחן האָסטו אויף מיר
גערוואָרפען, } ביס
געוואַלד, איך ווייס נישט פאַרוואָס!

אַ חלום, טאַטעניו, אַ חלום, מאַמעניו,
אַ חלום האָט זיך מיר געדאַכט; (ביס)
זיינע שיינע בעקעלעך, מיט די שוואַרצינקע
אויגעלעך, } ביס
האָבען מיך קראַנק געמאַכט!

די בלימעלעך בליען, די יאָרעלעך פליען,
די צייט גייט אַוועק מיט'ן רויך; (ביס)
אָי, זינט איך האָב זיין ליבע דערקענט, } ביס
פון ווייגען האָב איך שוין קיין כח!

מיינע צרות האָבען מיך אַרומגערינגעלט,
אַזוי ווי אַ בעדנאַרזש אַ פאַס; (ביס)
היינטיגע יונגעלעך איז אַזוי פיל צו גלויבען, } ביס
אַזוי ווי דעם הונט אויפ'ן גאַס!

# אַ מײדעל אין די יאהרען.

**Moderato.** (מיטעל בעוועגט)

וואס , רען-יאָה די אין דעל-מיי אַ שוין בין איך

איך דרעהט – פער קאָפּ דעם מיר טו-האָס

און רעז-וואָ-גע לה-כּ אַ לאנג שוין וואלט

האט ? האט – גע נה – תו – ח קע-טאַ שר-אָפּ

I.

איך בין שוין אַ מיידעל אין די יאָרעז,
וואָס האָסטו מיר דעם קאָפּ פאַרדרייט;
איך וואָלט שוין לאַנג אַ כלה געוואָרעז, } ביס
און אפשר טאַקע חתונה געהאַט.

II.

דו האָסט מיר צוגעזאָגט נעמען,
איך האָב אויף דיר געוואַרט;
פאַרוואָס זאָלסטו, דושעניו, מיך פאַרשעמען, } ביס
צי האָסטו דיך אין מיר גענאַרט.

III.

און אפשר גייט דיר, קעצעלע, אין נדן,

I°

די מאַמע וועט פאַרקו׳פען די שטוב;
מיר וועלעןביידע חתונה האָבען,
ווייל איך האָב דיך ליב! } ביס

IV.

און אפשר ווילסטו וויסען מיין יו׳זוס,
דער זיידע איז געווען אַ רב;
לאָמיר זשע ביידע חתונה האָבען,
און זאָל שוין נעמען א סוף... } ביס

# אַ ליעד פון אַ פייגעלע.

Andante. (פּאַמעליך)













איך גיי אַרויס אויפ'ן גאַניקעל, } ביס
דאָס שטעטעלע באַקוקען.
קומט צופליען אַ קליין פויגעלע } ביס
און טוט זיך צו מיר בוקען.

II.

נישט אַזוי דאָס קליינע פויגעלע, } ביס
ווי איר שיינער פליען.
די וואַרפט אַראָפּ מיר אַ קליין בריוועלע, } ביס
איך טו עס גלייך באַקומען.

III.

איך לייען-איבער די ערשטע שורה'לע —

דער געליבטער איז פאַרדאָרבען,
איך לייען איבער די צווייטע שורה'לע
דער געליבטער איז געשטאָרבען!
קלויבט צונויף אַלע מיינע חבר'טעס,
אלעמען אינאיינעם,
ווער ס'האָט נאָר אַ ליבע געפירט
זאָל מיר העלפען וויינען!

# פײגעלע איז געװעזן אַ װאױלע מױד.

Moderato (בעװעגט)
















I.

פײגעלע איז געװעזן אַ װאױלע מױד,
זי האָט זיך נאָך קײמנאָל נישט געליבט; (בּיס)
אײנמאָל האָט זי זיך פאַר'ן טױער געשטעלט,
דאָס האַרץ איז געװען איר באַטריבט,
איז פאַרבײ געגאַנגען אַן אָפיציר
און האָט זיך איז איר פאַרליבט.

II.

זי איז מיט אים שפּאַצירענס געגאַנגען,
זײן שװערד האָט געטאָן אַ קלונג: (בּיס)
אָך און װײ איז דאָך צו מיר, } בּיס
איך בּין דאָך אַ יודישׁ קינד.

### .III

וואָס גייסט נישט אַהיים צו דיין ווייב און קינד,
זיי ווייסען דאָך נישט וואו דו ביסט; (ביס)
איך קען דאָך מיט דיר נישט חתונה האָבען} ביס
ווייל דו ביסט אַ קריסט.

### .IV

אין אַ שלעכטען וועטער, צווּעלף ביינאַכט,
דאָס האָט זיך דאָס אומגליק געטראָפען; (ביס)
ער האָט זי פאַר'ן טויער אָפּגעוואַרט,} ביס
און האָט זי מיט אַ מעסער דערשטאָכען.

### .V

זי האָט געשריען: שוועסטער, מאַך אויף!
איך בין דאָך אין אַ גרויסער נויט; (ביס)
און איידער די שוועסטער האָט די טיר
אויפגעמאַכט} ביס
איז פויגעלע געלעגען שוין טויט

# א חברטע.

Con pensiero. (לאנגזאם און בעטראכט)













### I.

אוי, איינע צוויי ווערטער האָט ער געטאָן מיר ריידען,
אַזוי האָט ער זיך איינגעליבט אין מיר, אוי איז מיר;
אוי, גאָט זאָל אים צאָלעז איז אַלע זיינע וועגען, } ביס
דעם תּכלית, וואָס ער האָט געמאַכט פוז מיר.

### II.

אַ חבר'טע, אוי אַ חבר'טע האָב איך געהאַט אַ געטרייע
וואָס געטרייער קאָן שוין גאָרנישט זיין, אוי נישט זיין;
אוי, מיט אירע פאַלשע ווערטער האָט זי
אים צוגענומען, } ביס
געבליבן בין איך עלענט ווי אַ שטיין.

### III.

אַ חבר'טע, אוי אַ חבר'טע האָב איך געהאַט אַ געטרייע,

פון אלע סעקרעטען האָט זי ביי מיר געוואוסט,
אוי געוואוסט:
אוי, היינט טוט מען זינגען, אין אַלע גאַסען
קלינגען, } ביס
אַז מיין סטראַדאַניע איז געווען אומזיסט.

IV.

חבר׳טעס, אוי חבר׳טעס, נעמט זיך אַלע אינאיינעם,
אוי, נעמט אַראָפּ אַ מוסר זיך פון מיר, אוי פון מיר:
אוי, גאָט זאָל אייך היטען, אוי פון אַ פאַל-
שער ליבע, } ביס
אַזוי ווי איינעם פון אַ יונגען טויט.

V.

אוי, היינט איז מיר ביטער, און צו דערצו נאָך פינסטער,
וואָס ערגער, מאַמע, קאָן שוין גאָרנישט זיין,
אוי נישט זיין:
אוי, אַ שטיין אויף מיין האַרצען, אוי, וועל
איך זיך אויפהענגען, } ביס
און וועל זיך וואַרפען, אוי, אין ים אַריין.

VI.

אַזוי ווי איך בין אין ים אַריינגעפאַלען,
געוואָרען איז אַ שטורם מיט אַ ווינט, אוי אַ ווינט:
אוי, אַז מיין מאַמע זאָל וויסען, אַז איך טו
זיך טרינקען, } ביס
געלאָפען וואָלט זי ראַטעווען איר קינד.

# אַ מאָל איז געווען אַ מַעֲשֶׂה.

**Andantino.** (פאַמעליך)













## I.

אמאָל איז געווען א מעשה,
די מעשה איז גאָר נישט פריילעך,
די מעשה הויבט זיך אָנ'עט
מיט א יודישען מלך.

ליולינקע, מיין פייגעלע,
ליולינקע, מיין קינד.
כ'האָב אָנגעוואוירען אַזאַ ליבע,
ווי איז מיר און ווינד!

## II.

אמאַל איז געווען א מלך,
דער מלך האט געהאט א מלכה,
די מלכה האָט געהאט א ווייננארטען,
ליולינקע, מיין קינד.

ליולינקע, מיין פייגעלע, א.ז.וו.

III.

אין ווייַנגאַרטען איז געווען א בוימעלע,
דאס בוימעלע האט געהאַט א צווייַגעלע,
אויפ'ן צווייגעלע איז געווען א נעסטעלע,
אין נעסטעלע האט געלעבט א פייגעלע.

ליולינקע, מיין פייגעלע, א.א.ג.

IV.

דער מלך איז אָפּגעשטאָרבען,
די מלכּה איז געוואָרען פאַרדאָרבען,
דאָס צווייגעלע איז אָפּגעבראָכען,
דאָס פייגעלע פון נעסט אַנטלאָפען.

ליולינקע, מייז פייגעלע, א.צ.ח.

V.

וואו נעמט מען אַזאַ לייטער,
לאַנג פון טויזענט איילען;
וואו נעמט מען אַזאַ חכם,
ער זאָל קענען די שטערען ציילען!

ליולינקע, מיין פייגעלע, א.ט.ש.

VI.

וואו נעמט מען אַזאַ חכם,
ער זאָל קענען מיינע וואונדען ציילען?
וואו נעמט מען אַזאַ דאָקטאָר,
ער זאָל קענען מיין הארץ היילען?

ליולינקע, מייז פייגעלע, ז.ט.ח.

# אין דרויסען איז אַ טריבער טאָג.

**Andante** (פאמעליך)










אין דרויסען איז אַ טריבער טאָג,
אין שטיבעלע איז אַ פּאַרע;
כ'האָב אָפּגעלעבט מיינע יונגע יאָרען } ביס
ווי אין אַ פינסטערער כמאַרע.

ווי אַ פינסטערע כמאַרע
איז דער טאָג פון מיין געבוירען;
איך האָב געהאַט אַ טייערען דימענט } ביס
און האָב אים אָנגעוואוירען.

איך האָב אים אָנגעוואוירען
און קען אים נישט געפינען;
שטיין שטייט ער פאַר מיינע אויגען, } ביס
נאָר איך קען צו אים נישט קומען.

איך קען צו אים נישט קומען,
כ'קען מיט אים נישט ריידען;
אוי, פון אונזער הייסער ליבע } ביס
מוזען מיר זיך צושיידען!

מ'יר מוזען זיך צושיידען,
ווי דער גוף פון דער נשמה;
אוי, קיין גוטס זאָל דער נישט האָבען,
ווער עס דערלעבט אָן אונז נקמה!
} בּיס

איך וועל זיצען און קלאָגען
בּיז אין מיין גראָען צאָפּ,
ווייל מען האָט מיר צוגענומען
די קרוין פון קאָפּ.
} בּיס

די קרוין פון מיין קאָפּ,
די צווייגען פון דעם בּוים;
מ'האָט דאָך מיר צוגענומען
דעם שענסטען פּאַרשוין!
} בּיס

אַלע וואַסערלעך לויפען אַוועק,
די גריבּעלעך בּלייבען ליידיג;
אוי, וואו נעמט מען אַזאַ מענשען,
וואָס זאָל פאַרשטיין מיין ווייטאָג?
} בּיס

אַזוי ווי עס איז נישטאָ קיין מענש,
וואָס זאָל קענען די שטערען איבּערציילען;
אַזוי איז אויך נישטאָ קייז מענש,
וואָס זאָל קענען מיינע וואונדען היילען.
} בּיס

# בראָנטשעלע.

**Moderato.** (לעבעדיג און בעוועגט)

ווער קלאַפּט דאס אַ — זוי שפעט ביי נאכט ? יאַנ-קע-לע וואַ

! לע-טשע-בראָנ פען — ע פען — ע ! טשיק — ליאַנ

! טשיק — כאַנ — קאָ דיין בין איך

I.

ווער קלאַפּט דאָס אַזוי שפּעט ביינאַכט?
יאַנקעלע וואָליאַנטשיק?
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
איך בין דיין קאָכאַנטשיק! } ביס

II.

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין מאַמען.
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
כ'וועל זיך גאָר נישט זאַמען! } ביס

III.

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאַר דעם טאַטען.
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
ס'וועט דיר גאָר נישט שאַטען. } ביס

IV.

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין שוועסטער.
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
ס'וועט זיין פאַר דיר בעסער! } ביס

V.

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין ברודער.
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
מאַך נישט קיין געררודער. } ביס

VI.

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין פעטער!
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
כ'וועל ניט קומען שפּעטער. } ביס

VII.

ווי קאָן איך דיר דען עפּענען,
כ'האָב מורא פאַר מיין מומען.
— עפּען, עפּען, בראָנטשעלע,
צ'ניט וועל איך מער נישט קומען... } ביס

# גנה איך מיר שפּאַצירען.

Andante Moderato (נישט פּאַמעליך)

גנה איך מיר שפּאַ-צי-רען, טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ!

גנה איך מיר שפּאַ-צי-רען, טראַ לאַ טראַ לאַ. טראַ לאַ לאַ! עס

עס האַ-אַ, האַ — אַ חור - בּ אַ אַן מיך טרעפט

...האַ - אַ, האַ - אַ, חור - בּ אַ אַן מיך טרעפט

I.

גיי איך מיר שפּאַצירען —
טראַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ!
גיי איך מיר שפּאַצירען —
טראַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ!
באַגעגענט מיך אַ העֶר — אַהאַ!
באַגעגענט מיך אַ העֶר — אַהאַ!

II.

ער זאָגט, ער וועט מיך נעמען —
טראַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ!
ער זאָגט, ער וועט מיך נעמען—
טראַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ!
ער לייגט עס אָפּ אויף זומער — אַהאַ!
ער לייגט עס אָפּ אויף זומער — אַהאַ!

III.

דער זומער איז געקומען —

טראַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ!

דער זומער איז געקומען —

טראַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ—לאַ

ער האָט מיך נישט גענומען — אַהאַ!

ער האָט מיך נישט גענומען — אַהאַ!

# יאָמע, יאָמע.

Allegretto scherzando. (בעוועגט און וויציג)













### I.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל אַ פּאָר שיכעלעך האָבען,
מוז מען גיין דעם שוסטער זאָגען...
— ניין, מאַמעשי, ניין,
דו קאָנסט מיך נישט פארשטיין,
דו ווייסט נישט וואָס איך מיין!

### II.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל אַ קליידעלע האָבען,
מוז מען גייז דער שניידערין זאָגען...
— ניין, מאַמעשי... אאַ"וו.

III.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל אַ היטעלע האָבען,
מוז מען גיין דער פּוצערקע זאָגען...
— ניין, מאַמעשי... אא"וו.

IV.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל אַ פּאָר אויררינגלעך האָבען,
מוז מען גיין דעם גאָלדשמיד זאָגען...
— ניין, מאַמעשי... אא"וו.

V.

יאָמע, יאָמע, שפּיל מיר אַ לידעלע,
וואָס דאָס מיידעלע וויל —
דאָס מיידעלע וויל אַ חתנ'דעל האָבען,
מוז מען גיין דעם שדכן זאָגען...
— יאָ, מאַמעשי, יאָ,
דו קאָנסט מיך שוין פאַרשטיין —
דו ווייסט שוין וואָס איך מיין׃

# אַ יונגעלע פֿון פּוילען.

**Allegretto.** (נישט שטאַרק גיך)

די מע-מאַ איז גע-גאַנ-גען אין מאַרק אַ-ריין נאָך קוי-לען,

האָט זי מיר גע-בראַכט אַ יונ-גע-לע פֿון פּוי-לען.

אוי איז דאָס אַ יונ-גע-לע אַ שיינס און אַ פֿיינס,

מיט די שוואַר-צע אוי-גע-לאַך, קע-צע-לע מיינס.

I.

די מאַמע איז געגאַנגען
אין מאַרק אַריין נאָך קוילען,
האָט זי מיר געבראַכט
אַ יונגעלע פֿון פּוילען;
אוי איז דאָס אַ יונגעלע,
אַ שיינס און אַ פֿיינס,
מיט די שוואַרצע אויגעלעך,
קעצעלע דו מיינס.

II.

די מאַמע איז געגאַנגען
אין מאַרק אַריין נאָך קרויט,
האָט זי מיר געבראַכט
אַ יונגעלע פֿון בויד;

אוי איז דאָס אַ יונגעלע,
אַ שיינס און אַ פיינס,
מיט די ווייסע ציינדעלעך
קעצעלע דו מיינס.

III.

איך האָב געגעסען מאַנדלען,
איך האָב געטרונקען וויין;
איך האָב געליבט אַ יונגעלע,
איך קאָן אָן אים נישט זיין.
אוי איז דאָס אַ יונגעלע,
אַ שיינס און אַ פיינס,
מיט די שוואַרצע הערעלעך,
קעצעלע דו מיינס.

# לאמיר זיך איבערבעטען.

**Allegretto** (בעוועגט און קאָקעטיש)













**I.**

לאָמיר זיך איבערבעטען, איבערבעטען,
שטעל דעם סאַמאָוואר;     ביס
לאָמיר זיך איבערבעטען,
זיי זשע נישט קיין נאַר.     } ביס

**II.**

לאָמיר זיך איבערבעטען, איבערבעטען,
קויף אַ פּאָר מאַראַנצען;     ביס
לאָמיר זיך איבערבעטען,
לאָמיר גיין טאַנצען.     } ביס

**III.**

לאָמיר זיך איבערבעטען, איבערבעטען,
וואָס שטייסטו ביי דער טיר?     ביס

לאָמיר זיך איבערבעטן, } ביס
גיב אַ קוק אויף מיר.

IV.

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
שעם זיך, עטיל־דבורהו! } ביס
לאָמיר זיך איבערבעטן, } ביס
די צייט איז אַן עברה.

V.

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
קויף אַ פונט פיסטאַשקעס, } ביס
לאָמיר זיך איבערבעטן, } ביס
שענק מיר דיינע לאַסקעס.

.IV

לאָמיר זיך איבערבעטן, איבערבעטן,
גענוג שוין זייז ווי גוים; } ביס
לאָמיר זיך איבערבעטן, } ביס
לאָמיר שרייבען תנאים.

# העלף מיר גאָטעניו.

Andante. (לאַנגזאַם)

ר׳ל-סע — וואַ ר׳ן-בע-אי ׳ניו-טע — גא מיר העלף,

בריק דעם בער אי ניו-טע-גא מיר העלף

און נען-גאנ-גע בער-רי — אַ נען-זע לאך-רע-יאה פֿיעל ווי

.ריק-צו מעהר ניט שוין קומט ער

I.

העלף מיר, גאָטעניו, איבער׳ן וואַסערל,
העלף מיר, גאָטעניו, איבער׳ן בריק;
מיר דערמאָנט זיך מיין טייער לעבען,
און שלאָפען שלאָף איך קיין נעכט ניט.

II.

וויפיל נ׳אָוועטלעך מירביידע געזעסען,
וויפיל נ׳אָוועטלעך, שפּעט אין דער נאַכט;
ויפיל טרערעלעך מיר ביידע פאַרגאָסען,
און אונזער ליבע אַרויסגעבראַכט.

III.

דיינע אויגעלעך, שוואַרצע קערשעלעך

דיינע ליפּעלעך — צוקער־זיס ;
דיינע בעקעלעך — ראָזע בלומען ,
עס קומט פון דיר נאָך ביז היינט אַ קוש...

# די בייקע.

Andante. (פאַמעליך)

mf

דער טאַ - טע איז גע - פּאַה - רען קיין באַל - טע , דער

טאַ - טע איז גע - פּאַה - רען קיין באַל - טע ,

האט ער מיר גע - בראַכ — ט אַ — ביי — קע ,

האט ער מיר גע - בראַכ — ט אַ ביי - קע .

**I.**

יאָי טאַטע איז געפאָרען אין באַלטע, (ביכ)
האָט ער מיר געקויפט אַ בייקע,
האָט ער מיר גע, יכט ; בייקע

**II**

זייהייר האָט ער באַצאָלט פאַר דער בייקע, (ביס)
צוויי מיט אַ האַלבען טאָלער, מאַמע, דייקע,
האָט ער באַצאָלט פאַר דער בייקע.

**III.**

ווער וועט דיר נייען די בייקע? (ביס)
שרה די מאָדיסטקע, מאַמע, דייקע,
זי וועט מיר נייען די בייקע.

וועסטו אָנטאָן די בייקע? (ביס)
שבת נאָכ'ן קוגעל, מאַמע, דייקע
וועל איך אָנטאָן די בייקע

V.

וואו וועסטו גיין מיט דער בייקע? (ביס)
אין דעם גרינעם וועלדעל, מאַמע, דייקע
וועל איך גייז מיט דער בייקע.

V.

מיט וועמען וועסטו גיין אין דער בייקע? (ביס)
מיט אַ שיינעם בחור, מאַמע, דייקע
וועל איך גייז איז דער בייקע.

VI.

וואָס וועט זיין דער סוף פון דער בייקע? (ביס)
ער וועט מיך טאַקע נעמען, מאַמע, דייקע,
דאָס וועט זיין דער סוף כון דער בייסע.

# לייג איך מיין קעפּעלע.

Moderato (לעבּהאַפט)













I.

לייג איך מיר מיין קעפּעלע אויף מיין מאַמעס בעטעלע,
גייט מיין מאַמע פאַרביי, נאָכאַנאַנד זי טוט און קוועלט:
שלאָף, מיין טעכטער׳ל האַרצינקע,
אויגעלעך האָסטו שוואַרצינקע,
שלאָף געזונטערהייד, שלאָף געזונטערהייד.

II.

לייג איך מיר מיין קעפּעלע אויף מיין טאַטענ׳ס בעטעלע,
גייט מיין טאַטע פאַרביי, נאָכאַנאַנד ער טוט און קוועלט:
שלאָף, מיין טעכטער׳ל פיינינקע,
ביסט דאָך גאָר אַ שייניקע
שלאָף געזונטערהייד, שלאָף געזונטערהייד.

## III

לייג איך מיר מיין קעפּעלע אויף מיין שוויגערס בעטעלע,
גייט מיין שוויגער פאַרביי. נאָכאַנאַנד זי טוט און שעלט:
מיין שנור איז קיין בריה נישט,
קיין מלאכה טוט זי נישט,
נאָכאַנאַנד זי טוט אוּן שלאָפט,
נאָכאַנאַנד זי טוט און עסט.

## IV

לייג איך מיין קעפּעלע אויף מיין מאַנס בעטעלע,
גייט מיין מאַן פאַרביי, נאָכאַנאַנד ער טוט און קוועלט:
שלאָף, מיין ווייבעלע קליינינקע,
ציינדעלעך האָסטו שיינינקע, —
שלאָף געזונטערהייד, שלאָף געזונטערהייד.

# אַ ליעבע.

**Andante Moderato** (נישט פאַמעליך)













I

אַ ליבע, אַ ליבע איז גוט צו פירען,
מיט אַ מענשען, אָבער נישט מיט דיר;
געוואַלד, איך וועל דורך דיר קראַפּירען, — } ביס
וואָס האָסטו דיך אײַנגעליבט אין מיר.

II

וואָס שטייסטו אונטער מיין פענסטער,
ווי אַ זעלנער פאַר דער טיר;
געוואַלד, צי בין איך דען די שענסטע, — } ביס
וואָס האָסטו דיך אײַנגעליבט אין מיר.

III

וועסט קריגען אַ שענערע און אַ בעסערע,
רייכער וועט זי אויכעט זיין פון מיר;
אַ בריה וועט זי אויך זיין אַ גרעסערע, } ביס
וואָס האָסטו דיך אײַנגעליבט אין מיר.

# די מאמע האט מיר געשיקט.

Moderato. (מעסיג בעוועגט)















די מאמע האָט מיך געשיקט
קויפען אַ יאַשטשיק;
האָט זיך אין מיר פאַרליבט
אַ בחור אַ פריקאַזשטשיק.
אוי איז דאָס אַ בחור׳ל אַ שיינס און אַ פיינס,
מיר פאַר זיינע ביינדעלעך, קעצעלע דו מיינס!

II.

די מאמע האָט מיך געשיקט
קוילעו אַ הון;
האָט זיך אין מיר פאַרליבט
דעם שוחט׳ס אַ זון.
אוי איז דאָס אַ שוחט׳ל, אַ שיינס און אַ פיינס!
מיר פאַר זיינע ציינדעלעך, קעצעלע דו מיינס!

III.

די מאַמע האָט מיך געשיקט
פרעגען אַ שאלה;
האָט זיך אין מיר פאַרליבט
דער רב אויף אַ ווײַלע.
אוי איז דאָס אַ רב'לע, אַ שיינס און אַ פיינס!
מיר כאַר זיין שפּיץ יאַרמעלקעלע, קעצעלע דו מיינס!..

# אוועק די יונגע יאהרען.

Moderato. (מיטעל בעוועגט)

אוי - פֿן באַרג, אי - בע - ר'ן באַרג,

פֿלי - הען - טוי - בען פֿאַ - רען, פֿלי - הען - טוי - בען פֿאַ - רען;

כ'האָב נאך גאר קיין נַ - חת נישט גע - האַט, ס'איז

אוועק מיי - נע יונ - גע יאָה - רען!



אויפ'ן באַרג, איבער'ן באַרג<br>
פֿליען טויבען־פֿאַרען; (ביס)<br>
איך האָב נאָך גאָר קיין נחת נישט געהאַט, } ביס<br>
ס'זיינען אוועק מיינע יונגע יאָרען.

II.

שפּאַנט זשע מיר, ברידער,<br>
די שווארצע קאָרע פֿערד,<br>
און לאָמיר לויפֿען, פֿאָרען, (ביס)<br>
אפשר וועל איך נאָך קאָנען אומקערען, } ביס<br>
מיינע יונגע יאָרען.

III.

כ'האָב באַגעגענט, מיינע יונגע יאָרען,<br>
אויף דעם ברייטען בריק, (ביס)

— יאָרען, יאָרען קערט זיך אום } ביס
כאָטש אין געסט צוריק!

IV.

— ניין, ניין, מיר וועלען נישט גיין,
ס'איז נישטאָ צו וועמען; (ביס)
האָסטו געזאָלט יונגערהייד } ביס
זענן נישט פאַרשעמען...

# אין ווילדען וואַלד אליין.

Moderato (לעבהאַפט)

*mf*

אַ ? ליין — אַ וואַלד אין דעל - מיי דאָס טוט וואָס

אין דעל - מיי דאָס טוט וואָס . ער זאָגט זוי

אין ? איז האָרט וואָס און איז דאָרט ווער און ליין — אַ וואַלד

*dim.*

ליין — א וואַלד דען - וויל אין ליין — א וואַלד דען - וויל

**I.**

וואָס טוט דאָס מיידעל אין וואלד אליין —
אזוי זאָגט ער.
וואָס טוט דאָס מיידעל אין וואלד אליין.
און ווער דאָרט איז און וואָס דאָרט איז?
אין ווילדען וואלד אליין, אין ווילדען וואלד אליין.

**II.**

איך בין געקומען רויזען קלייבען —
אזוי זאָגט זי.
איך בין געקומען רויזען קלייבען,
זאָל דער הער מיט מיר פארבלייבען
אין ווילדען וואלד אליין (ביס)

**III.**

איך קאָן דאָס פאר מיין פערד נישט טאָן —

אזוי זאָגט ער.
איך קאָן דאָס פּאַר מיין פערד נישט טאָן.
נוז ווער דאָרט איז א. א. וו.

IV.

לאָז דיין פערד לויפען—אזוי זאָגט זי.
לאָז דיין פערד לויפען. וועסט אן אנדער קויפען
אין ווילדען וואלד אליין. (ביס)

V.

איך קאָן דאָס פּאַר מיין הונט נישט טאָן —
אזוי זאָגט ער.
איך קאָן דאָס פּאַר מיין הונט נישט טאָן
און ווער דאָרט איז און וואָס דאָרט איז א. א. וו.

VI.

לאָז דיין הונט בילען!—אזוי זאָגט זי.
לאָז דיין הונט בילען, מיר וועלעןביידע שפּילען
אין ווילדען וואלד אליין. (ביס)

VII

אָ, דו מיידעל, דו ביסט בלינד —
— אזוי זאָגט ער
אָ, דו מיידעל, דו ביסט בלינד:
— איך זיין פאָטער, דו, מיין קינד,
זיין ווילדען וואלד אליין. (ביס)

# דער נייער שער.

**Moderato.** (מעסיג בעוועגט)

מען-קו-גע ראָב-אַ איז וואָס .שער עם - ניי דעם מיר זשע שפּיעלט

מען-קו ניש ט איהם צו כ'קען נעם-שע אָ לע - גע - יונ אַ אין ליעבט-פֿער מיך כ'האָב

,וויט הר - זע ער וואָהנט מען - קו - גע איהם צו כ'וואָלט

.לייט פאר מיך איך שעם בען-גע-גע קוש אַ איהם דאָך כ'וואָלט

,ליין - אַ גאָט פֿאַר ווי לייט פֿאַר זוי - א נים

!זעהן ניט זאל נער-קיי אַז ,צייט די בראַכט-פֿאַר איהם מיט כ'וואלט

**I.**

**שפּילט זשע מיר דעם נייעם שער,**
**וואָס איז אַרויסגעקומען;**
**איך האָב מיך פֿאַרליבּט אין אַ יונגעלע אַ שיינעם**
**און קאָן צו אים נישט קומען.**
**איך וואָלט צו אים געקומען,**
**זיצט ער זעהר ווייט;**
**איך וואָלט דאָך אים אַ קוש געגעבען,**
**שעם איך מיר פֿאַר לייט;**
**נישט אַזוי פֿאַר לייט ווי פֿאַר גאָט אליין**

איך וואָלט מיט אים פאַרבראַכט די צייט,
אַז קיינער זאָל נישט זען.

II.

שפּילט זשע מיר דעם נייעם שער,
וואָס איז אַרויסגעקומען;
איך האָב מיך פארליבט אין אַ יונגעלע אַ שיינעם
און קאָן צו אים נישט קומען.
קום זשע צו מיר גיכער,
איך וואַרט אויף דיר שוין לאַנג;
קום זשע גיך אַריבער,
מען זאָל נישט הערען דיין גאַנג.
פיר איך דיך אין שטיבעלע פון מיין מאַמעס אַליין;
חתן־כלה וועלען מיר זיין,
און צו דער חופה גיין.

# פּישעלעך קויפּען.

Andante (פּאַמעליך)

*mf*

בין איך מיר גע – גאַנ – גען פּי – שע – לעך קוי – פּען;

האָב איך מיר גע — קויפט אַ העכט, און

*a tempo*

ווער עס איז שול – דיג אין אונ – זער לי – בע,

דער זאָל אויס – געהן ווי אַ לעכט.

*rit.*

*un poco più mosso.*

טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ

*rall.*

טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ.

בין איך מיר געגאַנגען פּישעלעך קויפּען,
האָב איך מיר געקויפט אַ העכט;
און ווער עס איז שולדיג אין אונזער ליבע,
דער זאָל אויסגיין ווי אַ לעכט; (צוזינג)

II.

אָן קיין שטיינער, אָן קיין ציגעל
קאָן מען קיין הויז ניט מויערן;
עס איז נישט פאַרהאַנען קיין מענש אויף דער וועלט,
וואָס עס זאָל מיך נישט באַדויערן. (צוזינג)

# אוי אברהם !

**Con brio.** (מיט'ן קנאַק)

זיין, ניט דיר אהן קאן איך ,ראַם — אַב אוי

-גע ;זיין נישט דע-בײ מיר נען-קאָ ,מיר אהן דו און דיר אהן איך

: ער-אוי אין סוד אַ זאָגט-גע מיר טע-האָס ,ער-טוי דעם בײ סטע-דענק-גע סטע-דענק

.ניו-קע-פיס . דאָס מיר זשע גיב ,ניו-קה'-רב ווײ אוי

I.

אוי, אבראַם, איך קען אָן דיר נישט זיין,
איך אָן דיר און דו אָן מיר קענען מיר בײדע נישט זיין;
געדענקסטו, געדענקסטו ביי דעם טויער,
האָסטו מיר געזאָגט אַ סוד אין אויער;
אוי, וויי, רבקה'ניו, גיב זשע מיר דאָס פיסקעניו!

II.

אוי, אבראַם, איך קען אָן דיר נישט זיין,
איך אָן דיר און דו אָן מיר איז ווי אַ קליאמקע
אָן אַ טיר.
געדענקסטו, געדענקסטו אויף דעם בולוואַר,
איך דער קלוגער און דו דער נאַר;
אוי וויי, רבקה'ניו,
גיב זשע מיר דאָס פיסקעניו!

## III.

אוי, אַבראַם, איך קען אָן דיר נישט זיין,
איך אָן דיר און דו אָז מיר קענען מירביידע נישט זיין;
געדענקסטו, געדענקסטו דאָס רויטע קלייַדעל,
אוי, בין איך געווען א שיין מיידעל.
אוי ווײַ, רבקה'ניו,
גיב זשע מיר דאָס פּיסקעניו!

# ,אין חדר׳

**Andante** (פריי אבער פאמעליך)



אוּן ,מיר צוּ טער-הענ-נע לע-גע-אינ הער-אַ קום



לעך-תיוֹ-אוֹ נע-קליי די אין קוּק אַ טהוּ



לעך-תיוֹ-אוֹ נע-דע-גיל ,לעך-תיוֹ-אוֹ רע-ע-טיי



ניט זיך שרעק,ניט רא·מו קיין האָב הער-אַ קוּם,כער-גי ,כער-גי



קאָפּף מיט אויס הער אוּן וועק — אַ זיך זעץ ,זוי-אַ אָט



,בָ בֵית מץ-קָ ,אָ לף-אַ מץ-קָ :צוּ זיך הער ,זוי-אַ אָט ,זיך זעץ



,אַ לף-אַ תַח-פַּ ,דָ לד-דַ מץ-קָ ,גָ מל-גי מץ-קָ



.גַ מל-גי תַח-פַּ ,גַ מל-גי תַח-פַּ ,בַ בית תַח-פַּ

**קוּם אַהער, יוּנגעלע, נטנטער צוּ מיר**<br>
**אוּן טוּ א קוּק אין די קליינע אותיות׳לעך,**<br>
**טייערע אותיו׳לעך, גאָלדענע אותיו׳לעך,**<br>
**גיכער, גיכער, קוּם אַהער!**<br>
**האָב קיין מורא נישט, שרעק זיך ניט.**



לע גע-אינ נען-לער מען דאַרף זוי - אַ אָט ,לע-גע-אינ זוי-אַ אָט,



מאָל אַ נאָך זאָגאון דור-סי אין קוק אַ טהו ,לע-גע-אינ ער – טײ,וועה אוי:




קָ-מץ אַ-לף אָ, קָ-מץ בית בָּ; כער-הע ,קער-שטאַר, אָ, בָּ,



אָט זוי-אַ דאַרף מען נעו-לער,נע-אינ,לע-נע, אַ, בַּ, גַ, דַ,



כער-הע,קער-שטאר, אָט אַ - זוי דאַרף מען נען-לער,נע-אינ,לע-גע ,אַ ,בֶּ ,בָּ ,גַ




אָט אַ-זוי ,כער-לי-פדיי ,בע-לע נער-די-בע-לע ,ניק נאַר-גע ! אָט אַ - זוי ,לע-גע-אינ,



דאַרף מען לער — נען תּו-רה, ,תּו-רה איז די בעס-טע סחו-רה,



וואָלסט נע-וועז אַ טײ-ער לע-גע-אינ,זאָלסט ניט זיין אַ נאַר-גע ניק,

**אָט אַזוי, זעץ זיך אַוועק און הער א יס מיט קאָפּ.**

**זעץ זיך! אָט אַזוי הער זיך צו:**

**קמץ אלף אָ, קמץ בית — באָ, קמץ גימל — גאָ,**

**קמץ דלת דאָ.**

**פתח אלף — אַ, פתח בית — באַ, פתח גימל — גאַ, פתח דלת — דאַ.**

**אָט אַזוי, יונגעלע, אָט אַזוי דאַרף מען לערנען,**

*Burlando*

פאַר ,שוין נוג-גע ,לע-גע-אינ ניק - נאַר-גע אַ סטו-בי אַי

*rit* *tenerissimo* *p*

אַ רָה-תּו נען-לער דאַרף איד אַקינד מיין דענק-גע. פריי ביזט ,דור-סי דעם מאַך

*tenebroso*

,רֶא - בּו גער - לי - היי דער אונז זאגט זוי

מטו - זאָל ,דֶר - חֵ אין טהון - גע סטו-האָ וואָס ,גען פֿרע דיך וועט מען אז

,רָה - תּו דענק-גע .רה - תּו רענט - לע - גע האָסט ,גען - זאָ

*p* *pp rit.*

...רָה-תּו ,רָה-תו ,רָה-תּו ... ,רָה-תּו ,מאָל-אַ נאָך

יונגעלע, אָי וויי, טייער יונגעלע,

טו אַ קוק אין סידור און זאָג נאָך אַ אַמאָל

קמץ אלף — אָ, קמץ בית — בּאָ. העכער!

שטאַרקער! אָ, בּאָ. אָט אַזוי דאַרף מען לערנען, יונגעלע

אָ, בּאָ, גאָ, דאָ, העכער, שטאַרקער!

אָט אַזוי דאַרף מען לערנען, יונגעלע: אָ, בּאָ, גאָ,

אָט אַזוי, פֿרייליכער, לעבעדיגער, געגאַרניק,

אָט אַזוי, יונגעלע, דאַרף מען לערנען תּורה,

תּורה איז די בּעסטע סחורה.

וואָלסט געווען אַ טייער יונגעלע, זאָלסט ניט

זיין אַ געגאַרניק,

יאָ בּיסטו אַ געגאַרניק יונגעלע.

גענוג שוין, פארמאך דעם סידור.
ביסט פריי!
געדענק מייז קינד, א יוד דארף לערנען תורה.
אזוי זאָגט אונז דער הייליגער בורא.
אַז מען וועט דיך פרעגעז, וואָס האָסטו געטאָן איז חדר
זאָלסטו זאָגען, האָסט געלערנט תורה,
געדענק, תורה, נאָך אַמאָל — תורה.
תורה, תורה, תורה.

# העמערל.

**Moderato** (נישט גאָר גיך)










אָ, העמערעל, העמערעל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער אַ טשוועק נאָך אַ טשוועק!
קיין ברויט איז אין שטוב שוין ניטאָ,
נאָר צרות און לייד אָן אַן עק!

אָ, העמערעל, העמערעל, קלאַפּ!
עס שלאָגט שוין דער זייגער באַלד צוועלף—
די אויגען, זיי מאַכען זיך צו, —
גיב כח, אָ גאָטעניו, העלף!..

אָ, העמערעל, העמערעל, קלאַפּ!
שלאָג שטאַרקער די טשוועקעס, שלאָג גיך:
ביז מאָרגען מוז פאַרטיג שוין זיין
דער גבירה'טעס טאָכטער'שעס שיך.

אָ, העמערעל, העמערעל, קלאַפּ!
ניט גליטש פון מיין האַנט זיך אַרויס!
מיין איינציגער שפּייזער ביסטו,
פון הונגער אָז דיר גיי איך אויס!..

# שטערענדעל.

Andante moderato (נישט גיך)

1. לע - טע - פּע - שטאַ ער - בלוי, דעל - רענ - שטע, דעל רענ שטע,
2. לע - בע - גרי אַ דעם - נאָכ, לע - סע - גע אַ ט - ווס זעהן,

לע - טע - שטע מײן אין פּאַל ל׳ - ח - שלי אַ מיר זײ
לע - בע - שטי ב׳ע רו - ח מײן זיך פּינט - גע טען - דאָר

לע - טע - שטע מײן אין פּאַל ל׳ - ח - שלי אַ מיר זײ
.לע - בע - שטי ב׳ע - רו - ח מײן זיך פּינט - גע טען - דאָר

ל׳ - ח - שלי אַ מיר זײ, לע - טע - פּע - שטאַ ער - בלוי, דעל - רענ - שטע, דעל - רענ - שטע

.לע - טע - שטע: מײן אין פּאַל ל׳ - ח - שלי אַ מיר זײ, לע - טע - שטע מײן אין פּאַל

I.

שטערענדעל, שטערענדעל,
בלויער שטאַפּעטעלע,
זײ מיר אַ שליח׳ל,
פאַל אין מײן שטעטעלע.

II.

זען ווערסט אַ געסעלע,
נאָכדעם אַ גריבעלע,
דאָרטען געפינט זיך
מײן חרוב׳ע שטיבעלע.

III.

עלענט, אַלײן, בײ דער
פינסטערער שײבעלע,

זיצט דאָרט פאַרטרויערט
און דאגה'ט מיין ווייבעלע. } ביס

שטערענדעל א. אַ. וו.

IV.

טרייסט איר, דו שטערענדעל,
לייכט איר אין שטוב אַריין.
זאָג איר, דער אויבערשטער
וועט זיך מרחם זיין. } ביס

V.

פרעג: וואָס מאַכט יענקעלע,
לאה'צע און ריבה'לע;
זאָג זיי: איך וויין אוז
איך קוש זייער בריוועלע.

שטערענדעל א. צ. וו.

VI.

זאָג זיי, אַז יענקעלען
זאָל מען ניט זשאַלעווען,
געבען אין חדר,
גענוג אים צו באַלעווען. } ביס

VII.

זאָל ער זיך אויסלערנען
קדיש ווי ס'דאַרף צו זייז,
אפשר... מען ווייס ניט...
נאָר גאָט וועט מרחם זייז!

VIII.

שטערענדעל, שטערענדעל,
בלויער שטאַפעטעלע,
זיי מיר אַ שליח'ל,
פאל אין מיין שטעטעלע. } ביס

# מאַרגאַריטקעלעך.

Moderato. (גראַציעז בעוועגט)

גא-מאר סען-וואק-גע נען-זע דאָרט,כעל-טיי בײם דעל-וועל אין

-ריט - קע לעך, ע - לענד און קליין ווי

*brilliante*

מיט ,לען-שטראַ קע - סינ - ווײ מיט נען זו קע - ניג - קלײ

לא - לא - לא-טרא קע-סינ-ווײ ווי ,לא - לא-לא-טרא קע-סינ-ווײ!

אין העלדעל בײם טײכעל, דאָרט זענען געוואַקסען
מאַרגאַריטקעלעך, עלענט און קליין—
ווי קלײנינקע זונען מיט ווײסינקע שטראַלעך,
מיט ווײסינקע טראַ=לאַ=לאָ=לאָ.

געגאַנגען איז חוה'לע שטיל און פאַר'חלומ'ט,
צולאָזען די גאָלד=בלאָנדע צעפּ, —
דאָס העלזעל אַנטבלויזט און געמורמעלט=געזונגען
אַ לידעלע: טראַ=לאַ=לאָ=לאָ.

דאָ קומט איר אַנטקעגען אַ בחור אַ שוואַרצער,
מיט לאָקען מיט שוואַרצע, ווי פּעך;
ער פלאַמט מיט די אויגען און ענטפערט איר לוסטיג,
און ענטפערט איר: טראַ=לאַ=לאָ=לאָ.

— וואָס זוכסטו דאָ, מײדעל? וואָס האָסטו פאַרלוירען?
וואָס ווילסטו געפינען אין גראָז?

„איך זוך מאַרגאַריטקעס״,—פאַרדרויטעלט זיך חוה,
פאַרדרויטעלט זיך טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— דו זוכסט נאָך? און איך האָב שוין טאַקי געפונען
די שענסטע מאַרגאַריטקע אין וואַלד,
אַ מאַרגאַריטקע מיט צעפּ און מיט אויגע סאַפּירען,
מיט אויגעלעך טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— ניין, כ׳האָב שוין מאַרגאַריטקעס, איך האָב זיך
פאַרגעסן —
איך זוך... דאָ נישט ווייט איז אַ קוואַל...
דער קוואַל איז געשלאָסען, אָן מיר בלייבסטו
דורשטיג,
ביים קוועלכעלע טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— איך וויל גאָרנישט טרינקען, איך זוך מיך אַ שאָטען
די זון באַקט אַריין אַזוי הייס...
— מיינע האָר זענען שוואַרצער און קילער ווי שאָטענס
אין וועלדעלע טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— אָ, לאָז מיך, מען טאָר נישט; די מאַמע זאָגט,
מ׳טאָר נישט!
מיין מאַמע איז אַלט און איז בייז.
— וואו מאַמע? וואָס מאַמע? דאָ זענען נאָר ביימער,
נאָר ביימעלעך טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— „מען זעט״ — קיינער זעט נישט, „מעז הערט!״ —
קיינער הערט נישט
דאָס וועלדעל איז בלינד און געדיכט.
אומאַרעם מיך, זיסע, דו זעפּט, איך בין רואיג
איך קוש דיך נאָר—טראַ-לאַ-לאָ-לאָ.

— דו ליבסט מיך? — „איך ליב דיך!“ — „דו שעמסט דיך?“
„איך שעם מיך!“

— אָ, ליב מיך און שעם דיך און שווייג.
און זע ווי עס מישען זיך פעך־שוואַרצע קרויזען
מיט גאָלדענע... טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

---

די זון איז פאַרגאנגען, דער בחור — פאַרשוואונדען
און חוה'לע זיצט נאָך אין וואַלד.
זי קוקט אין דערווייטענס און מורמעלט פאַר'חלום'ט
דאָס לידעלע: טראַ־לאַ־לאָ־לאָ...

צוליב דער גרויס פון ליד קאָן דער זינגער דעם 8־טען און 9־טען פערז ארויסלאָזען. דער זינגער קאָן אויך ביי דער רעפעטיציע „ווי קליינינקע זוּנען“ און אזוי ביי די אנדערע פערזען זינגען צום 2־טען מאל די מעלאדיע, אזוי ווי עס ווייזען די קליינע נאטעלעך.

# מאַי קאַ משמע לן:

**Moderato.** (נישט גאר גיך)













מאַי קאָ מ שמע לן דער רעגען?

וואָס'זשע לאָזט ער מיר צו הערען?

זיינע טראָפּענס אויף די שויבען

קויקלען זיך, ווי טריבע טרערען.

און די שטיוועל איז צוריסען,

און עס ווערט אין גאַס אַ בלאָטע;

באַלד וועט אויך דער ווינטער קומען—

כ'האָב קיין וואַרימע קאַפּאָטע...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאַי קאָ משמע לן דאָס ליכטעל?

וואָס'זשע לאָזט עס מיר צו הערען?

ס'קאַפּעט און עס טריפט איר חלב

און ס'וועט באַלד פוז איר נישט ווערען.

אַזוי צאַנק איך דאָ אין קלייזעל,

ווי אַ ליכטעל, שוואַך און טונקעל,

ביז איך וועל אַזוי מיר אויסגיין

אין דער שטיל אין מזרח=ווינקעל...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאַי קאָ משמע לן דער זייגער?

וואָס'זשע לאָזט ער מיר צו הערען

מיט זיין געלבען ציפער=בלעטעל,

מיט זיין קלינגען, מיט זיין שווערען?

ס'איז אַן אָנגעשטעלטע כּלי,

ס'האָט קיין לעבען, קיין געפילען,

קומט די שעה, דאָ מוז ער שלאָגען

אָן זיין רצון, אָז זיין ווילען...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

מאַי קאָ משמע לן מיין לעבען?

וואָס'זשע לאָזט עס מיר צו הערען?

פוילען, וועלקען אין דער יוגענט,

פאַר דער צייט פאַרעלטערט ווערען.

עסען טעג און שלינגען טרערען,

שלאָפען אויפ'ן פויסט דעם האַרטען,

טויטען דאָ די „עולם הזה"

און אויף עולם הבא וואַרטען..

# בעריאָזקעלע.

Lento (פּאַמעליך מיט אנדאכט)

פּעל-קע נעס-נרי טעס-לאַק-נע איהר קעלט-שאַ ,היג-רו ,היג-רו

;שיעור אַ אָהןוועגט-דאַ און לע-קע-ריאָז-בע קע-סיג-ווי מיין

לה-תפּי אַ שטילטשעט-שעפּ איהרס לע-טע-בלע דעס-יע ,דעס-יע

.מיר פּאַר אויך לל — פּ — מת ,לע-קע-ריאָז-בע קליין ,שוין זיי

מיר פּאַר אויך לל פּ — מת ,לע-קע-ריאָז-בע קליין ,שוין זיי

I.

דרויג, רויג שאָקעלט איר געלאָקטעס גרינעס קעמעל
מייז ווייסינקע בעריאָזקעלע און דאַווענט אָן אַ שיעור;
יעדעס, יעדעס בלעטעלע איר׳ס שעפּטשעט שטיל אַ תפילה
זיי שוין, קליין בעריאָזקעלע, מתפלל אויך פאר מיר.

II.

איך בין דאָאָן עלענטער געקומען פון דער ווייטען,
פרעמד איז מיר דער גאָט פון דאַן׳ און פרעמד
איז מיר זיין שפּראַך;
נישט ער וועט מיין טרויער זען און נישט פאַרשטיין
מיין תפילה,
כאָטש איך וועל מתפלל זיין, מתפלל זיין אַ סך.

III.

פון ווייטען מערב האָט זיך טרויעריג פאַר'גנב'עט
אין די דינע צווייגעלעך אַ ראָזער צאַרטער שטראַל;
און אַ שטילען קוש געטאָן די בלעטעלעך די קליינע,
וועלכע האָבעז דרעמלענדיג געהאָרכט דעם נאַכטיגאַל.

IV.

פון די ווייטע פעלדער איז אַ ווינטעלע געקומעז
און דערציילט די בלעטלעך לעגענדעס אָן אַ שיעור.
עפּעס האָט אין הארצען טיף ביי מיר גענומען בענקען:
זיי שוין, קליין בעריאָזקעלע, מתפלל אויך פאַר מיר.

# אויף דעם בוידעם שלאָפט דער דאַך.

**Andante.** (פאָמעליך)










I.

אויף דעם בוידעם שלאָפט דער דאַך
צוגעדעקט מיט שינדעלעך;
און אין וויגעל ליגט אַ קינד
נאַקעט גאָר אָן ווינדעלעך
האָפ, האָפ, אַט אַזוי,
עסט די ציג פון דאַך דעם שטרוי;
האָפ, האָפ, אַט אַזוי

II.

אויפ'ן בוידעם שטייט א וויג,
וויגט זיך דאָרט אַ שפין אין איר;
ציט ער פון מיר דאָס חיות אויס
אונז דעם דלות לאָזט ער מיר
האָפ, האָפ א. אַ. וו.

III.

אויפ'ן בוידעם שטייט אַ האָן
אונ זיין קאַם איז פייער־רויט;
זאָל מיין ווייב ערגעץ באָרגען
פאַר די קינדער אַ שטיקעל ברויט.
האָפּ, האָפּ, א. א. וו.

# דריי נעהטאָרינס.

Andante (פאָמעליך)










די אויגען רויט, די ליפּען בלוי,
קיין טראָפּען בּלוט אין בּאַק נישטאָ,
דער שטערן בּלאַס, בּאַדעקט מיט שוויס,
דער אָטעם אָפּגעהאַקט און הייס—
עס זיצען דריי מיידלער און נייען!

. . . . . . . . . . . . . . .

די נאָדעל—בּלאַנק, די ליינוואַנד—שניי,
אין איינע טראַכט: איך ניי און ניי!
איך ניי בּייטאָג, איך ניי בּיינאַכט,
קיין חופּה=קלייד זיך נישט געמאַכט!
וואָס קומט אַרויס איך ניי?

ניט איך שלאָף, און ניט איך עס..
איך וואָלט געגעב'ן אויף מאיר בּעל=נס,
אפשר וואָלט ער זיך געמיט:
אַן אַלמן כאָטש, אַן אַלטער יוד,
מיט קינדערלעך אַ שאָק!

. . . . . . . . . . . .

די צווייטע טראַכט: איך ניי און שטעפּ
און שטעפּ מיך אויס נאָר גרויע צעפּ!
דער קאָפּ—דער ברענט, די שלייף—די האַקט
און די מאַשין — קלאַפּט צו צום טאַקט:
— טאַ־טאַ, טאַ־טאַ, טאַ־טאַ!

איך פאַרשטיי דאָך יענעמ'ס ווינק?
אָן אַ חופּה, אָן אַ רינג,
וואָלט געווען אַ שפּיל, אַ טאַנץ,
אַ ליבע אויף — אַ יאָר אַ גאַנץ!
נאָר דערנאָך, דערנאָך?

. . . . . . . . . . . . . . . . . . .

די דריטע שפּייט מיט בלוט און זינגט:
איך ניי מיר קראַנק, איך ניי מיר בלינד!
עס צוויקט די ברוסט ביי יעדע שטאָך —
און ער האָט חתונה די וואָך!
איך ווינש אים נישט קיין שלעכטס!

עט, פאַרגעסע וואָס אַמאָל!..
תכריכים וועט מיר געבע קהל,
אויף אַ קליינטשיק פּיצעל ערד,
איך וועל רוען אומגעשטערט,
איך וועל שלאָפע, שלאָפע!

# סלוּשאַי.

פוּן גאַלץ מילער
איבערזעצט פוּן אַנ-סקי.

**Moderato.** (מיטעל בעוועגט)

נען —— זי אין סור — מָ ביים בות-שָ — מַחְ צע-שוואַר ווי,

נאַך ; נאַכט די הערבסט טיף פוּן סטער-פינ איז

יְן-בְּנ דער סָה-תפִי די איז איהר פאַר צער-שוואַר,

עס טראַכט-פער יון-דמ אַ ווי שטעהט וואָס

טער — וועב די איהר רוּם. אַ אוּן רוּנד אוּם העְן-גע

ווי שריי מער — זאַ — לאַנג דער זיך ס'ציהט אוּן,

יִאַי סלי" יִאַי-סלי: טער-שעב ביים סער-מע טער-אוּנשרייט צער-מי-ע

ווי שוואַרצע מחשבות ביים מסור אין זינען,
איז פינסטער פוּן טיף=הערבסט די נאַכט,
נאָך שוואַרצער פאַר איר איז די תפיסה, דער בניז;
וואָס שטייט ווי אַ דמיון פאַרטראַכט.

עס גייען אוּם רוּנד אוּן אַרוּם איר די וויַכטער
אוּז ס'ציט זיך דער לאַנגזאַמער שריי,

ווי עמיצער שרייט אונטער מעסער ביים שעכטער:
סלו-שאַ-אַי! סלו-שאַ-אַי !!

כאָטש הויך איז די וואַנט אַרום פינסטערן מויער,
די שלעסער — געגאָסענע שטאָל,
כאָטש אַלץ איז פאַרזונקען אין אומעט און טרויער
מען הערט נישט קיין מענשליכען קול. —
און דאָך איז די תּפיסה נאָך ווייט נישט געשטאָרבען,
דו, ווערכטער, פאַרדרעמעל נישט זיי,
נישט גלויב, אַז איז תּפיסה שלאָפט רואיג אַ קרבן!
סלו-שאַ-אַי! סלו-שאַ-אַי !!

אָט שטייט דער פאַרהאַפטער ביים פענסטער דעם הויכען,
דער קאָפּ ביי דער גריל, שטאַרק פאַרטראַכט.
די ברענענדע אויגען פון פּנים דעם בלייכען
פאַרזונקען אין חושך פון נאַכט.
ס'איז שטיל... נאָר עס שרייט ווען-נישט-ווען אויס אַ שפּאַרבע
צי ס'הערט זיך אַ הונט'ס בילעריי
און ס'ציט זיך דער ניגון, דער טרויעריג-האַרבער:
סלו-שאַ-אַי! סלו-שאַ-אַי !!

„נישט טעג און חדשים, נאָר יאָרען און יאָרען
„זיץ איך דאָ אין תּפיסה פאַרשמידט!
„מיין האַרץ איז אָן פרייהייט צעווייטאָגט געוואָרען...
„ביין! ליידען מער קען איך שוין ניט!
„אָט דאָרט, הינטער וואַנט, איז די הייליגע פרייהייט,
„און דאָ—נאָר אַ שפּיז אָדער בליי!
אָ, פינסטערע נאַכט, דו באַווייז מיר דיין טרייהייט!!"
סלו-שאַ-אַי! סלו-שאַ-אַי !!

אַ שפּרונג און אַ פאַל... גיכע טריט... אַ געררודער...
אַ קנאַק און אַ בליאַסק און אַ שאָס!...
אַ מענש האָט פאַרגאָסעז דאָס בלוט פון זיין ברודער
און פרעגט אים, און פרעגט אים „פאַרוואָס!“
עס הערט זיך דעם שטאַרבענדיגס לעצטע יללה:
„אָ! פרייהייט!.. אָ! לעבען!.. פאַרביי!..“
עס ענטפערט אויף דעם נאָר אַ שימף און אַ קללה...
סלו־שאַ־אַי!! סלו־שאַ־אַי!!
עס האָט דורך דעם וואָלקען די בלייכע לבנה
געגעבעז פון הימעל אַ בליק,
און ווי אַ פאַרצאָגטע פאַרוויינטע אלמנה
באַהאַלטען דאָס פּנים צוריק.
און ווידער אין תּפיסה איז אַלץ ווי געשטאָרבען,
און ס'יאָמערט דער קול אויף דאָס ביי;
ווי עמיצער קלאָגט אויף דעם קבר פון קרבן:
סלו־שאַ־אַי!! סלו־שאַ־אַי!!

# 80-ער און 70-זי.

Moderato (נישט גאָר גיך)

ס-איז היינט אָ - קו - ראַט גע - וואָ - רען פּי - פֿ - ציג יאָר, אַז זיי

לע - בען אין - אי - נעם דאָס אַל - טע פּאָר; זיי האָ - בען זיך גע - על - טערט

ב — רוך הוא, אַכ - ציג - ער און ז - בע - ציג - זי.

I.

ס'איז היינט אַקוראַט געוואָרען 50 יאָר,
אַז זיי לעבען אינאיינעם—דאָס אַלטע פּאָר:
זיי האָבען זיך געעלטערט—קוקט אייך צו —
אַכציג ער און זיבעציג זי

II.

כאָטש דער זיידע מיט דער באַבע זענען קורץ און קליין,
נאָר דער זיידע מיט דער באַבע זענען מלא חן.
ער מיט'ן שפּיצעדיגען בערדעלע, מיט'י גוידערעל—זי—
אַכציג ער און זיבעציג זי.

III.

גאָט האָט זיי מיט עושר און כבוד באַגליקט,
אין לעבען האָבען זיי זיך קיינמאָל נישט געֶ ר גט.
נאָר „נאָטעלע”, נאָר „באַבעלע” רופען זיי זיך צו —
אַכציג ער און זיבעציג זי.

IV.

זיי זענען היינט געגאַנגען ביידע אין שול

אויפגעגעסען האָט דאָס איינִיקעל—איך זאָג אייך א שאָך:
יענטעלע די שווארץ־חנ'עווּדיגע אָט אָ די —
אכציג ער און זיבעציג זי.

VII.

דער עולם האָט זיך קיין עין־הרע געזעצט צום טיש,
און אז מען האָט נאָר אויפגעגעבען די פייערדיגע פיש,
האָט א דרשה געזאָגט רב הערשעלע צבי —
אכציג ער און זיבעציג זי.

VIII.

ווי דער זיידע איז געווען תמיד א פרומער יוד,
יודען טאָן גוטס איז ער קיינמאָל נישט מיד;
דערפאר העלפט אים גאָט אי שפעט אי פרי —
אכציג ער און זיבעציג זי.

IX.

און ווי די באָבע איז געווען א ווייבעלע מלא־חן
און האָבען דאָרט געדאַוונט אָקי פיל;
גאָט האָט זיי געהאָלפען — ברוך הוא. —
אכציג ער און זיבעציג זי.

V.

פון דער שול זענען אהיים געגאנגען גלייך
אויפ'ן טיש איז שוין געשטאַנען לעקאך און
און די איייניקלעך האָבען געווארט שוין פון אין
דער פרי.—
אכציג ער און זיבעציג זי.

VI.

דער זיידע האָט זיך געוואשען פון דער זילבערנער טאַץ,

דאָס צירונג פֿאַסט איר נאָך איצטער, זאָגט אַליין!
די באָבע האָט געטאָן אַ שמייכעל דערצו —
אַכציג ער און זיבעציג זי.

X.

דער עולם האָט גענומען צו ביסלעך חיין,
און דעם זיידען מיט דער באָבע איז ראָד אַריין:
די אייניקלעך האָבן געפּליעסקעט צו —
אַכציג ער און זיבעציג זי.

XI.

מען האָט געזען, דער עולם זאָל זיך נישט פֿרי צוגיין,
דער פֿעטער לייבוש האָט זיך געלאָזט אַ קאָזאַק אַליין;
די מומע סאָסי איז געגאַנגען אַקעגען אויף איין קני —
אַכציג ער און זיבעציג זי.

XII.

אַזוי האָבן זיי געהוליעט ביז האַלבער נאַכט...
— „באָבעלע, זאָגט דער זיידע, אַ גוטע נאַכט!
שלאָף מיר געזונט און דעק זיך גוט צו —
אַכציג ער און זיבעציג זי.

XIII.

דער זיידע איז געוועזען שוין זעהר אַלט,
איז ער אַנטשלאָפֿן געוואָרען באַלד...
די באָבע האָט נישט געקאָנט מאַכען די אויגען צו —
אַכציג ער און זיבעציג זי.

XIV.

זי האָט זיך דערמאָנט אָט אָ דאָ ליגענדיג איז בעט,
ווי בעז האָט איר „נאָטען" פֿאַר אַ חתן גערעדט...

# אונזער ליבע איז געשלאָסען געווארען.

*Ante Moderato* (נישט גיך)

—גע סען—שלאָ—גע איז בע—לי זער—אונ

נער—זער—איי—אַנ׳ ווי זוי—אַ ,רען—וואָ—גע ,רען—וואָ—

און ,בריק נער—זער—איי—אַנ ווי זוי א ,בריך

(לאנגזאם.)

פון רען-וואָ-גע נישט גאָר איז סטער-ליב רער-ע-טיי מיין איצט

גליק און גליק.

I

אונזער ליבע איז געשלאָסען געהאָרעז געוואָרען,
אזוי ווי אַנ׳אייזערנע בריק; (ביס)
און איצט, מיין טייערער, ליבסטער
איז גאָרנישט געוואָרען פון גליק. } ביס

II

[illegible]ין איך מיר ביי מיינעם פענסטער, פענסטער,
און זינג מיר אַ טרויעריגע לידי (ביס)
צען כלות זאָלסטו האָבען
און צו מיר זאָלסטו זיך אומקערען צוריק. } ביס

III

געדענקסטו: מיר זענען געגאַנגען, געגאנגען,
אַרום און אַרומעט בולוואַר; (ביס)
[illegible]ין איצט, מיין טייערער, ליבסטער,
[illegible]ין איך געבליבען צום נאר } ביס

IV

שפּאַצירען זענען מיר בײדע געגאַנגען, געגאַנגען,
אַרום יענעם און יענעם בײ ; (ביס)
דו האָסט דאָך מיר אַלץ פֿערשפּראָכען,
איצט זענען דײנע רײד נישט גלײך.

V

שפּאַצירען זענען מיר בײדע געגאַנגען, געגאַנגען,
געגאַנגען איז דעמאָלט אַ שנײ; (ביס)
און איצט איז מיר מײן לעבען
געוואָרען װינד און װעה. ביס

VI

קײן זאַך װאָלט מיר נישט געװען צו שװער, צו שװער,
זיבען ים'ען צו שװימען פֿאַר דיר; (ביס)
דושעניו, בעטען דיך, בעט איך:
דו זאָלסט נישט פֿערגעסען אָן מיר ביס

VII

און אויב דו װילסט מיט אַ צװײטער שפּאַצירען, שפּאַצירען,
געהן, זאָלסטו געהן פֿאַרבײ מײן גרוב; (ביס)
בלומען װעלען דאָרט שפּראָצען,
דערמאַנען זאָלסטו מיך מיט אַ טרער. ב"ע

# ביי אַ טייכֿעלע.

*Moderato.* ( נישט גיך )

ביי אַ טיי—כֿע—לע וואַקסט אַ בוי—מע—לע,
סען—וואַק אויף איר צוויי—גען; מיט אַ—לע—מען
רעד—סטו, מיט אַ—לע—מען ביז—טו פריינ—ד—ליך,
נאָר מיך היי—סטו שווי—גען, מיט — שווי—גען

I

ביי אַ טייכאַלע וואַקסט אַ בוימאַלע,
וואַ סען אויף אירע צווייגען
מיט אַלעמען רעדסטו,
מיט אַלעמען ביזטו פריינדליך,
נאָר מיך הייסטו שווייגען!

I

ביי אַ טייכאַלע וואַקסט אַ בוימאַלע,
וואַקסען אויף אים בלומען;
פרעג איך דיר, ליבסטער,
ווען וועסטו קומען,
וועסטו שוין אַמאָל קומען?

III

ביי אַ טייכאַלע וואַקסט אַ בוימאַלע,
וואַקסען אויף איר בלעטער;
אוי, פרעג איך דיר, ליבסטער,
ווען וועסטו קומען,
פלעגסט אַלץ אָב אוי שפּעטער...

בי׳

# דו זאָלסט נישט געהן מיט קיין פּאַטשעאָווער מעדעלאַך.

*Andante.* (פּאַמעליך.)

I

דו זאָלסט נישט געהן מיט קיין פּאָטשייאווער מיידאַלאַך,
דו זאָלסט נאָר געהן מיט מיר;
דו זאָלסט נישט געהן צו דיין מאַמעליו אין שטיבאַלע,
נאָר קומען זאָלסטו צו מיר.

טראַלאַ לאַ א. א. וו.

## II

וואו איז דאָס געסאַלע, וואו איז דאָס שטיבאַלע?
וואו איז דאָס יונגאַלע, וואָס איך האָב ליב?
— נישטאָ דאָס געסאַלע, נישטאָ שוין דאָס שטיבאַלע,
נישטאָ שוין דאָס יונגאַלע, וואָס איך ליב.
טראַלאַ לאַ א. א. וו.

## III

אַ ליבע פאַנגט זיך אָן פון אַ שמייכעל,
פון אַ שמייכעל ביז צו אַ קוש;
עס נעמט אַוועק ביים קלוגסטען דעם שכל,
דאָס קלוגסטע מיידעל מאַכט דאָס צו נישט.
טראַלאַ לאַ א. א. וו.

# אוי, וועה, טאַטער, ס'איז שוין צען אַ זייגער.

*Andante.* (פאַמעליך.)

*mf* אוי, וועה, טאַ - טער, ס' - איז שוין צען אַ זיי - גער.

אוי, וועה, מאַ - טער ס' - איז שוין צען אַ זיי - גער,

ס'איז שוין צען אַ זיי גער, גיה אין שטוב אַ - ריין, און

זאָל איך דיר אויס - ווײַ - זען: דו

ביזט מיט אים גע - גאַן.

I

אוי, וועה, טאַטער, } ביס
ס'איז שוין צען אַ זייגער; }
ס'איז שוין צען אַ זייגער,
גיה אין שטוב אַריין
און זאָל איך דיר אויסווייזן:
דו ביזט מיט אים געגאַן.

II

— אוי, וועה, מאַמע,
סע'ברענט אין מיר אַ פייער,
דעם וואָס איך האָב אמת ליב,
אוי, דער איז ביי מיר טייער;
אוי, דעם וואָס איך האָב אמת ליב,
אוי, דעם ווער איך אָן;
אוי, דעם וואָס איך האָב אמת פיינט
צו דעם, אוי, קום איך אָן.

# לאָמיר ביידע אַ ליבע פירען.

*Andante.* (נישט גיך)

*mf*

לאָ — מיר בײ - דע אַ לי — בע פי — רען,

לאָ — מיר בײ — דע זײן פון גאָט אַ פּאָר;

[illegible] — מען בײ און גאָט בײ דיר איך שווער רען-שווע

יאָר [illegible] צווײ דיר אויף איך וועל טען-וואַר.

I

לאָמיר ביידע אַ ליבע פירען,
לאָמיר ביידע זיין פון גאָט אַ פּאָר;
שווערען שווער איך דיר ביי גאָט און [illegible]שען, (ביס)
אַז וואַרטען וועל איך אויף דיר צוויי-דר[illegible]

II

צוויי-דריי יאָר וועל איך אויף דיר וואַרטען,
אַפ[illegible]ו פינף יאָר איז מיר אויכעט כדאי; (ביס)
געלד אין פאַלק אַריין וועל איך דיר שיקען
און איך וועל מיך מוטשען ביי דער שניידעריי. (ביס)

III

גנב'ע דיך אַרויס פון דיינע עלטערען,
און קום צו מיר אין וואַגעזאַל אַריין; (ביס)
אָבגעזעגענט זיך און אָבגעקושט זיך
און גלייך אין וואַגאָן אַריין. (ביס)

דער פּאָטשאָנג *), מאַמעליו, איז שוין לאַנג אָבגעגאַנגען,
ביי יעדער סטאַציע בלייבט ער שטעהן; (ביס)
ווען איך דערמאָן זיך אין מיין טייער לעבען, ) ביס
טו איך מער נישט נאָר קלאָג און וויין. )

# דאָס רעגענד׳ל.

*Andante* (פאָמעליך.)

*mf*

-גע מיר זי האָט ,ניו - מע - מאַ א האָט - גע להאב

וויס און פרום און גוט נאָר זיי !קינד מיין זאָגט

*pp*

,דל - גענ - רע ,גען - רע ,גען - רע .ניט מות-חכ קיין מעהר

-בע מיך ויך כלאָז ,לע - שע - מענ נער-קליי אַ כ׳בין

I

רע - גע - נען, כוויס קיין מות-חכ .ניט

II

כוויס קיין מות-חב .ניט

I

ב׳האָב געהאַט אַ מאַמעניו,
האָט זי מיר געזאָגט: „מיין קינד!
ויי נאָר גוט און פרום, און ווייס
מער קיין חכמות ניט״.

רעגען, רעגען, רעגענדעל!
כ׳בין אַ קליינער מענשעלע;
כ׳לאָז זיך מיך בערעגענען,
כ׳ווייס קיין חכמות ניט.

II

ב׳האָב געהאַט אַ טאַטעניו,
האָט ער מיר געלערנט
אלף-בית אויף אויסווייניג
און מער קיין חכמות ניט.

רעגען, רעגען א. ז. וו.

III

כ'האָב געהאַט אַ רבּינ'ו,
האָט ער מיך אויסגעלערנט
סיד, חומש, רשי
און מער קיין חכמות ניט.
רעגען, רעגען א. ז. וו.

IV

כ'האָב געהאַט אַ שדכנ'דעל,
אַ וואוילער מענש איז ער געווען,
האָט ער מיר געבראַכט אַ ווייב,
וואָס ווייסט קיין חכמות ניט.
רעגען, רעגען א. ז. וו.

# אַ מאָל איז געווען אַ אידעלע.

*Largo.* ברייט און מיט געפיל

אַ מאָל איז געווען אַ אידעלע,
אַ אידעלע,
אַ אידעלע.

האָט ער געהאַט אַ ווייבעלע,
אַ ווייבעלע,
אַ ווייבעלע.

האָבן זיי געהאַט אַ קדיש'ל
אַ קדיש'ל,
אַ קדיש'ל.

איז דאָס קדיש'ל געשטאָרבען.
געשטאָרבען,
געשטאָרבען.

## בעת כ'האב אנגעהויבען אין חדר צוגעהן.

*Andante* (פאמעליך.)

בעת כ'האָב אָנגעהויבען איז חדר צו געהן,
האָט מיר דער רבי צוגעזאָגט א פויגאַלע געבען;
די פויגאַלע איז באַלד, ווי א חלום פערפלויגען,
און די פויגאַלע האָט זיך באַלד פאַר א קאַנטשיק
פערשטעלט;
און די פויגאַלע האָט מיר באַלד געעפענט די אויגען,
און די פויגאַלע האָט מיר געוויזען, וואָס א רבי איז
אויף דער וועלט

קום אהער־זשע מייז קינד,
קום אהער־זשע מיין לעבן,
איך וועל דאך דיר
א פויגאַלע געבען!

II

און בעת כ׳האָב אָנגעהויבעז חומש צו לערנען,
האָט מיר דער רבי צוגעזאָגט א זייגער׳ל געבן:
דאָס זייגער׳ל איז באַלד, ווי א חלום פערפלויגען,
און דאָס זייגער׳ל האָט זיך באַלד פאַר א קאַנטשיק פערשטעלט:
און דער קאַנטשיק האָט מי באַלד געעפענט די אויגען,
און דער קאַנטשיק האָט מיר געוויזען, וואָס א רבי איז אויף דער וועלט.

קום אהער־זשע מיין קינד,
קום אהער־זשע מיין לעבען,
איך וועל דאך דיר
א זייגער׳ל געבן.

III

און בעת כ׳האָב אָנגעהויבען תפילין צו לייגען,
האָט מיר דער רבי צוגעזאָגט א כלה׳לע געבען:
די כלה׳לע איז באַלד, ווי א חלום פערפלויגען,
און די כלה׳לע האָט זיך באַלד פאַר א ווייב פערשטעלט:
און די ווייב האָט מיר באַלד געעפענט די אויגען
און די ווייב האָט מיר באַלד געוויזען, וואָס א רבי איז אויף דער וועלט.

קום אהער־זשע מיין קינד,
קום אהער־זשע מיין לעבען,
איך וועל דאך דיר
א כלה׳לע געבען

# בין איך מיר אַ שניידער׳ל.

*And. Moderato.* (נישט גיך.)

בין איך מיר אַ שניי - דע - רל.
לעג איך מיר טאָג אויס טאָג איין, לוס - טיג - פריי - לאך
פיין, זאָג מיר שניי - דער - לי - בינ - קער און גו - טער,
גיט דיר די נאָ - דעל גע - נוג אויף ברויט מיט פו - טער, איך
מאך א וואך צוויי גיל - דען מיט א דריי - ער, איך
עס נאר ברויט, ווייל פו - טער איז מיר טיי - ער.

I

בין איך מיר אַ שניידער׳ל (בּיס)
לעב איך מיר טאָג-אויס, טאָג-איין,
לוסטיג, פריילאַך, פיין.

— זאָג מיר שניידער׳ל,
ליבּינקער און גוטער,
גיט דיר די נאָדעל
געננג אויף ברויט מיט פּוטער?

— איך מאַך אַ וואָך,
צוויי גילדען מיט אַ דרייער;
איך עס נאָר ברויט,
ווייל פּוטער איז צו טייער.

II

ביין איך מיר אַ שוסטער׳ל, (ביס)
לעב איך מיר טאָג־אויס, טאָג־איין,
לוסטיג, פריילאַך, פיין.

— זאָג מיר שוסטער׳ל,
האָסטו וואָס צו קייען?
פעלט דיר אויסעט,
קריגסטו וואו צו לייען?

— קיינער לייט נישט,
קיינער גיט קיין ערבות;
איך ביז אַ שוסטער
געה איך טאקי באָרוועס...

II

ביין איך מיר אַ קרעמער׳ל (ביס)
לעב איך מיר טאָג־אויס טאָג־איין,
לוסטיג, פריילאַך, פיין.

— זאָג מיר קרעמער׳ל,
האָסטו מיט וואָס צו האַנדלען?
האָסטו אין קרעמעל,
ראָזינקעס מיט מאַנדלען?

— איך האָב אין קרעמעל
פאַר צוויי גראָשען סחורה;
איך שלעפּ דעם דלות
און איך בענש דעם בורא.

# בייט זשע מיר אויס אַ 25 ער.

*Andante.* (פאַמעליך)

mf אויף קער—צי-צוואַנ און פֿינף אַ אויס מיר זשע בייט

און ער; —דריי נע—ראָד מע—סאַ

אַ ,לאַך—רימ—מאָ—קלעז מיר זשע שפּילט

,טשי-רימ-טשי-ראַמ :ער—טיי אַ ,לע—דע—לי

,טשי—רימ—טשי—ראַמ ,טשי—רימ—טשי—ראַמ

1. ראַמ—טשי ראַם, 2. ראַמ—טשי ראַם!

(אַ מחותנת׳טע אויף דער חתונה

I

בייט=זשע מיר אויס אַ פינפאונצוואַנציגער,
אויף סאַמע ראָדנע דרייער;
און שפּילט=זשע מיר קלעזמאָרעמלאַך,
אַ לידעלע אַ טייער.

ראָמטשיר:מטשי, ראָמטשירימטשי }
ראַמטשירימטשי, ראַמטשיראַ! } ביס

II

בייט=זשע מיר אויס אַ פינפאונצוואַנציגער,
אויף סאַמע ראָדנע פירער;

און שפּילט־זשע מיר קלעזמאָרעמלאך
דאָס זעלביגע וואָס פריִער.
ראָמטשירימטשי, א. א. וו.

III

און בייט־זשע מיר אויס אַ פּינפאונצוואַנציגער,
אויף סאַמע ראָדנע צענער;
און שפּילט־זשע מיר קלעזמאָרעמלאך,
דאָס זעלביגע נאָך שענער.
ראָמטשירימטשי, א. א. וו.

IV

און בייט־זשע מיר אויס אַ פּינפאונצוואַנציגער
אויף סאַמע אימפעריאַלען;
איך וועל בעטען די קלעזמאָרעמלאך,
זיי זאָלען זיך נישט איילען!
(זינגט און טאַנצט לאַנגזאַם דעם צושפּיל:)
ראָמטשירימטשי, א. ז. וו.

# שרה'לע דושענקע.

*Moderato.* (בצווענגליך.)

*mf* ש - רה - לע, דו - שינ - קע, שען ביז - טו, ווי א בלום.

אונ צו דיין שענ - קייט זאָל - סטו זיין פּרום;

*f* פרום זאָל - סטו זיין און פּרום זאָל זיין דיין דֶ - עה, ווי

שָׂ - רָה, ווי רִב - קָה, ווי רָ - חֵל און ווי

לֵ - אָה; פון גאַנ - צען האַר - צען גין איך דיר,

נאר דער ביי צו שטיין, אז מיט א גו - טען

חָ - תָנ - דֶל צו דער חו - פּה געהן. און

*f* אַז איך וועל דער - לע - בען, טו איך מיר א

גֻ - דֶר: דריי סטאַ - קאַ - נעס מַשְׁ - קֶה וואַס - טער,

אויס - צו - טרינ - קען פֶּ - סֶ - דֶר...

(ק:גרער-ל:ה)

שרה'לע, דושענ ע,
שעהן בּיזטו ווי אַ בלום,
און צו דיין שעהנקייט,
זאָלסטו זיין פּרום.

פּרום זאָלסטו זיין,
און פרום זאָל זיין דיין דעה,

ווי שרה, ווי רבקה,
ווי רחל און ווי לאה.

פון גאנצען הארצען גיי איך דיר
נאָר דערביי צו שטעהן,
אַז מיט אַ גוטען התנ'דעל
צו דער חופּה געהן.

און אַז איך וועל דערלעבען,
טו איך מיר אַ נדר:
דריי סטאַקאַנעס משקה־וואַסער,
אויסצוטרינקען כסדר.

---

דאָס לידל האָט מיר געזונגען אַלטער קאַציזנע. ער האָט דאָס געהערט זינגען אַ קליין מיידעלע פון 5 יאָר, שפּילענדיג זיך אין דרויסען. נישט קענענדיג רעדען איז ביי איר דאָס לידל אַרויסגעקומען:

ז־יע־יע, או־ינשע, טיין אַ דו אַ בום,
און ע דינע טייַנטאַ יאָטע דיינע פוח.
פום יאָטע דיי און דוד דאָ דיין אַ דייע,
אַ טויע אַ ווטע אַ יאָקיע או ע ייע.

אנע דאַנע דינע דיר, נאַ עביי אַ טיי,
אי מיט אַ אוטע אָטעיי טו אַ אופאַ דיי.
אי אַ ווע אַ לעבע, טו אי זאַ אַ ניידע:
דאַי טאַקאַנע מאַטע וואַטע אָי טו טינטע טיידע.

און מיט שוועריגקייט האָט ער פון של עבטען טעקסט דעם ריכטיגען אַרויסבעקומען.

# רבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, כ'האָב צו דיר אַ טענה.

*Andante.* (נישט גיך.)

א דיר צו האָב איך לָם - עוֹ שֶׁל נוֹ - בּוֹ - ר
רצן - טרע די ,וויין - גע מיין נעם

פּער וישט לָה - לי - חָ דיר ס'זאל נאָר ,נה - טע
פּער נישט בֶר - קֶ אין דער - קינ אָהן מיר זאָלסט ,נע - מיי

לצן - ווע בען שטאר פּער סען. - דרי
,אוי סען. - שלי

וועלט די ,ער שטיי די ווי מיר

נצן - שע - יר ;גען - קלינ אונז מיט וועט

לצן - ווע שים - ד - יק ,נער - קיי נישט אונז וועט

גען. - דינ - זען - מו - מיר

(אַ ליד פון אַ קינדערלאָזען)

I.

רבּוֹנוֹ של עולם, כ'האָב צו דיר אַ טענה,
נאָר ס'זאָל דיר חלילה נישט פאַרדריסען;
פאַרנעם מיין געבעט, די טרערען מיינע,
זאָלסט מיר אָן קינדער אין קבר נישט פאַרשליסען.

שטאַרבען וועלען מיר, ווי די שטיינער,
די וועלט וועט מיט אונז קלינגען;
ירשענען וועט אונז נישט קיינער,
קדישים וועלען מיר מוזען דינגען.

II

פינסטער און ביטער איז מיר מיין וועלט,
עס ציטערט אין מיר יעדער אבר;
וואָס קומט מיר אַרויס מיין פיל געלד,
צי וועל איך דאָס מיטנעמען אין קבר.

איך בין אויסגעפאָרען די גאנצע וועלט,
איך בין אויסגעווען ביי אַלע גוטע אידען;
כ'האָב נישט געקארגט קיין געזונד, קיין געלד,
צי קאָן איך דען אַזוי זיין צופרידען.

# ביי דעם שטעטעל שטעהט אַ שטיבעל

*Moderato.* (בעוועגט)

*mf*



(קינדער-ליד)

I

ביי דעם שטעטעל, שטעהט אַ שטיבעל
מיט אַ קליינעם דאַך; (ביס)
אוּן אַרום דעם שטיבעלע וואַקסען
בוימעלאַך אַ סך. } ב״י

II

און דער טאַטע מיט דער מאַמע,
חנה׳לע מיט מיר, (ביס)
שוין אַ לאַנגע צייט אינאיינעם
וואָהנען אַלע פיר. | ביס

III

און דער טאַטע אַרבייט, אַרבייט
אַלע יאָהרען זיינע, (ביס)

און ער קויפט איינז און ער ברענגט אונז
זאַכען שעהנע, פיינע. } ביס

IV

קויפט אַ פערד'ל, וואָס סי הירזשעט,
מיט דעם נאָמען מוציק; (ביס)
קויפט אַ הונט'ל, וואָס סי האַווקעט,
מיט דעם אָמען צוציק. } ביס

V

קויפט אַ גאַנז מיט אַ ווייסען האַלז,
פעדער־לאַך ווייס ווי שניי; (ביס)
קויפט אַ הוהן, וואָס קוואָקעט, קוואָקעט
ביז זי לייגט אַנ'איי. } ביס

VI

נעמט די מאַמע אָט די אייער,
אוי, איז דאָס אַ מופת; (ביס)
זעצט זי אויף, אויף זיי אַ קוואָקע,
האָבען מיר שעהנע עופות. } ביס

# זיץ איך מיר אין טאַטענס גאָרטען.

*Andante.* (פּאַמעליך)

*mf*

,טען—גאָר טענס-טאַ אין מיר איך זיץ

,טען-קאָר אין שפּיל ,מיר איך שפּיל

אין מאַן—טער—אַל——אַנ ריין—אַ קומט

.טון—גע——אַנ דער קליי—סע——וויי

א ,שי—טער—טאָכ גען—מאָר טער—גו א

בין איך !שי—דע—זיי יאָר טער—גו

איך ,יאָר גוט דיין נאָך מען—קו—גע נישט

בין איך ,פאָר די דען-שיי צו מען—קו—גע בין

איך ,יאר גוט דיין נאָך מען—קו—גע נישט

.יאָר גע——יונ נע-דיי נאך מען—קו—גע בין

,מע—מאַ ,טע—טאַ מיין ריין—אַ רופט

די ,רײַן—ווי גער—גרינג מיר וועט שר—אָפּ

—גע: טיר די אויף נען—פע—ע מע—מא טע—טא

?דיר מיט איז די ?דיר מיט איז וואַס,טער—טאָכ ע—טריי—

(באַלאַדענאַרטיג)

I

זיץ איך מיר אין טאַטענס גאָרטען,
שפּיל איך מיר, שפּיל אין קאָרטען,
קומט אַריין אַנ׳אַלטער מאַן
אין ווייסע קליידער אָנגעטון. } ביס.
— אַ גוטער מאָרגען טאָכטערשע!
— אַ גוטער יאָהר זיידעשע!
— איך בין נישט געקומען נאָך דיין גוט יאָהר,
איך בין געקומען צושיידען די פּאָר.
איך בין נישט געקומען נאָך דיין גוט יאָהר,
איך בין געקומען נאָך דיינע יונגע יאָהר.

II

רופט אַריין מיין טאַטע־מאַמע,
אפשר וועט מיר גרינגער ווערען;
די טאַטע מאַמע עפנען־אויף די טיר:
— געטרייע טאָכטער, וואָס איז מיט דיר? } ביס
— אָ, אַלטער זיידע, לאָמיך לעבען,
נישט צוליב מיר, נאָר צוליב די עלטערענסוועגען;
די עלטערען האָבען מיך זעהר ליב,
זיי וואָלטען אוועקגעגעבען אַ גאָלדענע שטוב. } ביס

— אַ גאָלדענע שטוב זי בלייבט ליגען,
ווען מען וועט דאַרפען וועט מען עס קריגען;
אַ גאָלדענע שטוב זי בלייבט שטעהן,
כ בין נאָך דיר געקומען, דו מוזט מיט מיר געהן. } ביס

III

רופט אַריין מיין שוועסטער און ברודער,
אפשר וועט מיר גרינגער ווערען;
די שוועסטער און ברודער זיי עפנען־אויף
די טיר: } ביס
— געטרייע שוועסטער, וואָס איז מיט דיר?
— אַלטער זיידע לאָמיך לעבען,
נישט צוליב מיר, צוליב מיין שוועסטער
און ברודער וועגען.
די שוועסטער און ברודער, האָבען מיך
זעהר ליב } ביס
זיי וואָלטען אַוועקגעגעבען אַ קינד אין וויג.
— אַ קינד אין וויג בלייבט אין וויגען,
ווען מען וועט עס דאַרפען, וועט מען דאָס קריגען;
אַ קינד אין וויג, זי בלייבט שטעהן,
איך בין נאָך דיר געקומען, דו מוזט מיט
מיר געהן. } ביס

IV

רופט׳ס אַריין מיין חתן לעבען,
אפשר וועט מיר גרינגער ווערען.
זוי ווי דער חתן עפענט אויף די טיר:
— געטרייע כלה, איך בין פאַר דיר!
— אַלטער זיידע לאָמיך לעבן,
נישט צוליב מיר, צוליב מיין חתנ׳ס וועגען.
דער חתן די כלה, האָט זעהר געוואָלט,
ער וואָלט אַוועקגעגעבען פערעל און גאָלד } ביס

פערעל, גאָלד זיי בלייבען ליגען,
דיין חתן וועט אַנ'אַנדערע כלה קריגען;
פערל, גאָלד, זיי בלייבען שטעהן
איך בין נאָך דיר געקומען, דו מוזט מיט מיר געהן } ב"פ

V

אַדיע, אַדיע מאַמעניו,
צינד שוין אָן צוויי ליכטעניו!
אַדיע, אַדיע, אוי!
דער מלאך המות נעמט מיך שוין!...

# מיר זענען ניכטער.

*Allegretto.* (נישט שנעל)

מיר זע—נען ניכ—טער, מיר זע—נען ניכ—טער!
טרו—קען איז ביי אונז אין האַלז!
גיט אַ בי—סעל מש—קה, גיט אַ בי—סעל מש—קה
ווע—לען מיר זינ—גען באַלד. באַלד.

מיר זענען ניכטער,
מיר זענען ניכטער,
טרוקען איז ביי אונז אין האַלז!
גיט אַ ביסעל משקה,
גיט אַ ביסעל משקה,
ווערלען מיר זינגען באַלד! } ביס

---

דאָס ליד ווערט דאָס רוב געזונגען באלד ווי מען זעצט זיך ארום די טישן אויף א אידישער שמחה אָדער באנקעט, איידער מען נעמט נאָך עפּעס אין מויל אריין און דאָס ליד שאפט באלד א פרעהליכע שטימונג. דאָס ליד ווערט איבער'געחזר'ט אָהן א סוף און דאָס ווייטער מיט מעהר עקסטאז און עס לאָזט זיך לייכט פון די טיש-זינגער צוצופאסן א צווייטע שטימע, אז ס'זאָל ווערן א דועט.

# עפענט רביצין, חסידים געהן.

Allegretto. (בעוועגט)

עפענט רביצין, חסידים געהעז,
חסידים געהען,
ווילען זיך פרעהען.

| | |
|---|---|
| חסידים געהען<br>אין פאנטאָפעל;<br>— זיי וועלען דאָך צוגנב׳נען<br>די זילבערנע לעפעל... | ביס |

רביצין, רביצין
האָט קיין מורא! | ביס
חסידים געהען לערנען תורה.

איינער שרייט אויס: דער רבי געהט! און אלע לאָזן אונטער מיט התלהבות:

לאָמיר אַלע אינאיינעם, דעם רבי'ן מקבל פנים זיין.

לאָמיר אַלע, אַלע אינאיינעם,
דעם רבי'ן מקבל פנים זיין;
לאָמיר אַלע אינאיינעם (ביס)
דעם רבי'ן משמח זיין;
לאָמיר אַלע, אלע אינאיינעם (ביס)
טרינקען אַ גלעזעלע ווייַן.

---

דאָס פּאָפּולערסטע לידל אויף אַ שמחה ביי אויסלאָזן אַ גאַסט, אָדער אויף אַ באַנקעט לכבוד אַ בעל־שמחה. דאָס אָנשטאָט „דעם רבי'ן מקבל פנים זיין" זינגט מען דעם נאָמען פון בעל־שמחה.

# שא, שטיל, מאַכט נישט קיין גערודער.

*Andante.* (פֿאַמעליך אין חסידיש)

*mf*

שא, שטיל, מאכט נישט קיין גע–רו–דער, דער בי––ר גייט שוין טאנ-צען ווי——דער;

שא, שטיל, מאַכט נישט קיין גע–וואלד, דער בי––ר גייט שוין טאנ–צען באַלד!

און אַז דער בי––ר טאַנצט טאַנ-צען מיט די ווענט לאַ-מיר אַ–לע פּליעס-קען מיט די הענט.

I

שאַ, שטיל, מאַכט נישט קיין גערודער,
דער רבי געהט שוין טאַנצען ווידע־;
שאַ, שטיל, מאַכט נישט קיין געוואַלד,
דער רבי געהט שוין טאַנצען באַלד.

און אַז דער רבי טאַנצט,
טאַנצען מיט די ווענד,
לאָמיר אַלע פּליעסקען מיט די הענד.
שאַ, שטיל א. ז. וו.

II

און אַז דער רבי טאַנצט,
טאַנצט דאָך מיט דער טיש,
לאָמיר אַלע קלאַפּען מיט די פּיס.
שאַ, שטיל א. אַ. וו.

III

און אַז דער רבי זינגט
דעם הייליגען ניגון,
בלייבט דער שטן אַ טויטער ליגען.
שאַ, שטיל א. א. וו.

# מיר זאָגען דער בעל הַבית׳טע.

*Moderato.* (בעוועגט)



מיר זאָגען דער באַלעבּוסטע:
גיט אונז עפּעס עסען;
זי דרעהט זיך, זי דרעהט זיך,
זי מיינט מיר האָבען פערגעסען.

געוואַלד צו שרייען, אוי וועה צו אונזער יאָהרען,
צו וואָס האָבען מיר געדאַרפט פון דער היים
אַוועקצופאָהרען.

II

מיר זאָגען דער באַלעבּוסטע:
גיט אונז כאָטש טויגלאך;
זי דרעהט זיך, זי דרעהט זיך,
זי מאַכט זיך א ביסעל טויבלאך.
אָי, גוואַלד צו שרייען א. א. וו.

III

די באַלעבּוסטע זאָגט אונז:

„עסט קינדערלאַך צו זאַט״.
און אין האַרצען טראַכט זי:
„מע פרעסט ווי אַ סאָלדאַט״.
אָי, גוואַלד צו שרייען א. א. וו.

---

א ליד פון ישיבה'ניקעס וואָס פלעגען עסען טעג

# באַלעבוסטע זיסינקע.

*Andante.* (פֿאַמעליך און חנופה'דיג)

באַ-לע-בוס-טע זי-סינ-קע, זי-סינ-קע, זי-סע באַ-לע-בוס-טע,
באַ-לע-בוס-טע זי-סינ-קע, זי-סינ-קע באַ-לע-בוס-טע,
באַ-לע-בוס-טע זי-סינ-קע, באַ-לע-בוס-טע זי-סינ-קע,
באַ-לע-בוס-טע זי-סינ-קע, זי-סינ-קע באַ-לע-בוס-טע,
באַ-לע-בוס-טע-קע, זי-סינ-קע זי-סע באַ-לע-בוס-טע,
באַ-לע-בוס-טינ-קע, זי-סינ-קע או-גער-קע-לאַך.

I

באַלעבוסטע זיסינקע, זיסינקע, זיסע באַלעבוסטע,
באַלעבוסטע זיסינקע, זיסינקע באַלעבוסטע!
באַלעבוסטע זיסינקע,
באַלעבוסטע זיסינקע,
באַלעבוסטע זיסינקע,
זיסינקע באַלעבוסטע!
באַלעבוסטינקע זיסינקע, זיסע באַלעבוסטע.
באַלעבוסטינקע, זיסינקע אוגערקעלאַך.

II

באַלעבוסטע פרישינקע א. א. וו.
פרישינקע בולקעלאַך.

III

באַלעבוסטע צאַפּעלדיגע א. א. וו.
צאַפּעלדיגע פישעלאַך.

IV

באַלעבוסטע פּעטינקע א. א. וו.
פּעטינקע יאַיכעלאַך.

V

באַלעבוסטע הייסינקע, א. א. וו.
הייסינקע קאַרטאָפלעלאַך...

---

צו דעם פאָלקס לידל האָט שלום עליכם מיר געזונגען פיעל פאָלקסטימליכע צוויי־דייטענדיגע חניפה און ליוב־ווערטער פאַר דער באַלעבוסטע. ליידער האָב איך נישט אַלע פאַרצייכענט און מעגליך אַז שלום־עליכם אַליין האָט זיי אויך נישט פאַרצייכענט.

# די משקה.

Andante (פאמעליך.)

איך װעל דיך, משקה, ערליך האַלטען, } ביס
כ'װעל שטעהן פאַר דיר, װי פאַר אַנ'אַלטען;
איך װעל דיך ערליך האַלטען משקה,
װייל איך דאַרף אין דיינער לאַסקע.

טראַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ;
טראַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ־לאַ,
טראַ־לאַ, לאַ־לאַ, לאַ!

II

בשעת דער שדכן איז געקומען צו מיין זיידען,
דעם טאַטען מיט דער מאַמע אַ שידוך רעדען,
האָט מען גערעדט און גערעדט אומזיסט,
ביז דאָס גלעזעל משקה האָט זיך אַריינגעמישט.
צוליב דער משקה איז דער שידוך געשלאָסען,
דער טאַטע איז געװאָרען דער מאַמעס חתן.

טראַ לאַ־לאַ א. ז. װ.

III

מ׳האָט טאַקי באַלד די חתונה געמאַכט
און געטרונקען משקה אַ גאַנצע נאַכט;
מיט גרויסע גלעזער האָבן געטרונקען אַלע,
לכבוד דעם חתן און לכבוד דער כּלה.
דורך משקה האָט דער טאַטע די מאַמע גענומען,
דורך משקה בין איך אויף דער וועלט געקומען.

טראַ, לאַ-לאַ, אַ. אַ. וו

IV

איך געדענק נאָך ביי מיין ברית,
איז דאָס גלעזעל משקה נישט אַראָפּ פון טיש;
דער עולם האָט געשריען: מזל-טוב
דאָס קינד זאָל וואַקסען און זיין אַ רב.
אָט דעריבער טרינק איך אַ רוב-כּוס,
דעריבער טרינק איך אָהן אַ מאָס.

טראַ, לאַ-לאַ, אַ. אַ. וו.

V

איך געדענק, אַז מ׳האָט מיך אין חדר געבראַכט,
האָט מען געהוליעט ביז שפּעט אין דער נאַכט;
און דער רבי, רב העשעל,
האָט געטרונקען פון גאַנצען פלעשעל.
און ביי איהם אין חדר האָב איך געקריגען אַ פּעולה:
צו טרינקען משקה גאָר אַ פולע...

טראַ, לאַ-לאַ, אַ. אַ. וו.

VI

אויף מיין בר-מצוה האָב איך געזאָגט אַ דרשה,
אַז נעמען אַ ביסעל משקה איז גאָר נישקשה,

אַז אַלײן בכבודו ובעצמו דער קײסער,
איז דאָך, במחילה, אַ שכּור אַ גרויסער;
ד.רפֿאַר ברידער, אָרים און רײך,
לאָמיר טרינקען אַלע גלײך.
טראַ, לאַ־לאַ א. א. וו.

VII

איך געדענק אויף מײַנע תּנאים,
האָבען אַלע געטרונקען, ווי די גוים
און מען האָט טעפּ געבראָכען,
און די משקה איז פון טיש נישט אַראָבגעקראָכען.
און איך האָב נישט געקוקט, וואָס איך בין אַ חתן,
און אַלע ווײלע אַרײנגעגאָסען.
טראַ, לאַ־לאַ א. א. וו.

VIII

איך געדענק, אַז מען האָט מ.ך צו דער חופּה געפירט,
האָט מען גענומען צו ביסעלעך שפּירט;
און דער רב האָט געזאָגט די ברכות
און אין בעכער איז געבליבען אַ קדהת...
און איך בין געשטאַנען, ווי אַ פײנער יונג
און געלעקט דעם בעכער מיט דעם צונג.
טראַ, לאַ־לאַ א. א. וו.

IX

באַלד נאָך דער חתונה האָב איך זיך מיט דער ווײב
אָנגעהויבען קריגען,
זענען מיר געפאָרען צו אַ גוטען אידען;
האָט דער גוטער איד אונז געגעבען אַ שמירה,
מיר זאָלען אַריבער אויף אַ נײער דירה;

און אויף דער נייער דירה האָב איך דאָס ווייב נישט
געהערט
און אַלע ווילע אַריינגעקערט.
טראַ, לאַ־לאַ א. א. וו.

X

מיין ביסעלע יאָהרען, ווען איך וועל אויסלעבען,
וויל איך מען זאָל מיר אין קבר מיטגעבען:
אַ פעסעלע משקה נאָענט ביי דער וואַנד,
אַ גרויסע גלאָז אין דער רעכטער האַנד;
צו תחית־המתים בין איך ווידער דאָ...
און טרינק באַלד משקה אין דער ערשטער שעה.
טראַ, לאַ־לאַ א. א. וו.

# לכבוד דעם הייליגען בים באם.

*Moderato.* (נישט גיך)

אָי, גבאי!
וואָס וויל דער הייליגער רבי?
— דער רבי וויל מען זאָל דערלאַנגען צום טיש.
— יאָ, רביניו, יאָ,
עס איז דאָך אַן'עונג שבת,
לכבוד דעם הייליגען שבת. (ביס)
בים באם בים באם בים באם
לכבוד דעם הייליגען בים באם

II

אָ, גבאי!
וואָס ווי̇ל דער הייליגער ר'בי?
— דער רבי ווי̇ל מען זאָל דערלאַנגען די פי̇ש.
— יאָ, רבינו, יאָ א. א. וו.

III

אָ, גבאי א. א. וו.
דער רבי ווי̇ל מען זאָל דערלאַנגען דעם פלייש*) א א.וו.

---

*) דערנאָך געהט יויך מי̇ט לאָקשען, צי̇מעס, עס קאָן אויך זיין באַטשיא מי̇ט קוגעל מי̇ט וואָס נאָר עס ברענגט דעם אמת'ן עונג-שבת.

# גבאי וואָס וויל דער רֶבֶּי?

*Rubato.* (פריי)

וויל, בֵּי—ֶר דער ?בֵּי—ֶר דער וויל וואָס !באַי—ג

?וואָס, די אַז בען—גע זיין חל—מו זאָל צין—בי—ֶר

פֿאַר ,קֶה—מֶשְׁ לַע—סע—בי אַ ?וואָס ווייסט ווער

קע—לאָס אהן נען-לער וואָס,לעך דימ—חסי די פֿאַר ?גען-ווע מענס-ווע

באָם באָם בים בַּת—שַׁ—לְ נֶג—עוּ

חאַ—חאַ—חאַ חאַ חאַ .טוב—יום—לְ נוֹג—תַּע

!האַ—חאַ—חאַ—חאַ

I

— גבאי!

וואָס וויל דער רבי?

— דער רבי וויל.

— וואָס?

— אַז די רבי׳צן זאָל מוחל זיין געבען.

— ווער ווייסט וואָס?

— אַ שטיקעלע פיש.

— פֿאַר ווער־מענס־וועגען?

— פֿאַר די חסידים׳לאַך, וואָס זיצען אַרום טיש.

עונג־לשבת, בים בים, בים באָם,
תּענוג ליום־טוב. טרא לא לא לא לאַ. } ביס

II

— גבאי!

וואָס וויל דער רבי? א. א. וו.

— אַ שטיקעלע פליישׂ.

— פאַר וועמענס־וועגען?

— פאַר די חסידים׳לאך, וואָס לערנען תּורה מיט שווייס.

עונג־לשבת א. א. וו.

III

— גבאי!

וואָס וויל דער רבי? א. א. וו.

— אַ ביסעלע לאָקשען.

— פאר וועמענס־וועגען?

— פאַר די חסידים׳לאך, וואָס לערנען תּורה ווי אָקסען..

עונג־לשבת א. א. וו

IV

— גבאי!

וואָס וויל דער רבי? א. א. וו.

— אַ ביסעלע צימעס.

— פאר וועמענס־וועגען?

— פאר די חסידים׳לאך. וואָס לערנען תּורה בנעימות.

עונג־לשבת, בים באם א. א. וו.

# לְכִבוּד דעֶם הײַלִיגעֶן שַבָּת.

— רביניו, רביניו! (בּיס)
— וואָס איז?
— רביניו, רביניו! (בּיס)
— וואָס איז?
— ס'איז ניטאָ קיין חלות אויף שבת.
— ס'עט זיין!

לכבוד שבת, בּים,
לכבוד שבת, באָם,
לכבוד דעם הייליגען בּים באָם!
לכבוד שבת, בּים,
לכבוד שבת, באָם,
לכבוד דעם הייליגען שבת.

II

— רביניו, א. א. וו.
— ס'איז ניטאָ קיין פיש אויף שבת.
— ס'עט זיין.
לכבוד שבת, בים א. א. וו.

III

— רביניו א א. וו.
— ס'איז ניטאָ קיין פלייש אויף שבת.
— ס'עט זיין!
לכבוד שבת, בים א. אַ. וו

# איין מאָל טו איך זיך בענייען.

*Largo.* (חסידיש פריי.)

*mf*

מאל איין, מאָל איין, מאָל איין, מאָל איין, אוי,

א .ען - ניי - בע זיך איך טו , מאָל איין , מאל איין

אויף ,דאָך מען - וועט - רע - האָ , וואָך צע - גאַנ

וואָך צע - גאַנ א .ען - ליי מען דאַרף בּת - שַ

.ען - ליי מען דאַרף בּת - ש אויף,דאָך מען-וועט-רע - הא

איין מאָל, איין מאָל, איין מאָל, איין מאָל, איין מאָל.
איין מאָל טו איך זיך בענייען;
אַ גאַנצע וואָך, האָרעוועט מען דאָך.
אויף שבת דאַרף מען לייען.
ביס

II

לייען, לייען? לייען, לייען, לייען
זאָל מען נישט בעדאַרפען;
שבת אָהן חריין, קאָן מען זיך בעגעהן,
אָבער נישט אָהן בראָנפען.
ביס

III

בראָנפען, בראָנפען? בראָנפען, בראָנפען, בראָנפע
דאָס איז דאָך מיין נחמה;
אַז איך מאַך אַ כּוס נאָך אַ כּוס,
דערקוויק איך מיין נשמה.
ביס

VI

מײַן נשמה, מײַן נשמה? מיט מײַן נחמה,
זענען דאָך אײנגאַנצען;
אַז איך נעם אַ כּוס נאָך אַ כּוס, } בּיס
געהען די פּיסעלאַך טאַנצען.

V

טאַנצען, טאַנצען? טאַנצען, טאַנצען, טאַנצען
איז גאָר אַ הויכע מידה;
און אַז איך נעם נאָך אַ מאָל אַ כּוס, } בּיס
טאַנץ איך מיט אַ חסידה.

IV

מיט אַ חסידה, מיט אַ חסידה? מיט אַ חסידה
איז דאָך אַ גרויסע עבירה;
אָבער, אַז איך נעם אַ כּוס נאָך אַ כּוס, } בּיס
האָב איך נישט קײן ברירה.

VI

צו טאַנצען, צו זינגען, צו שפּרינגען,
דערצו טו איך טויגען;
אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס, } בּיס
בעקום איך קלאָרע אויגען.

IV

אויגען, אויגען, אויגען —
אויגען האָב איך קלאָרע;
אַז איך מאַך אַ שנאַפּס נאָך אַ שנאַפּס, } בּיס
איז: שהכּל נהיה בדברו.

# לעבען לאַסען וואָהל...

*Moderato.* (בעוועגט)

וואהל! סען—לאַ בען—לע . וואהל סען—לאַ בען—לע
געהן סען—לאַ דע— גרונ צו ,געהן סען—לאַ דע— גרונ

צו ,דע—פריינ רע—זע—אונ לע—א
.דע—פיינ רע—זע—אונ לע—א

בען—לע לאַנג זאל ...ב... הער דער

ווי—ליע! מי—פאַ צער—גאנ זיין מיט

געלט זי לען—צאַ !וואַט—ווי !וואַט—ווי !וואַט—

לעבען לאַססען וואָהל, (בּיס)
אַלע אונזערע פריינדע!
צו גוּוּנדע לאַססען געהן, (בּיס)
אַלע אונזערע פיינדע!

דער הערר...
זאָל לאַנג לעבען
מיִט זיין גאַנצער פאַמיליע.
וויוואַט, וויִוואַט וויוואַט,
צאַהלען זי געלד!..

---

דאָס איז זעהר אַן'אַלטער אידישער בּדחנישער וויוואַט פון דער עפּאָכע, ווען מען האַט גערעדט דייטשמעריש. צו די ווערטער: „דער הערר"... ווערט צוגעגעבען דער נאָמען פון דעם מחותן אָדער גאַסט פאַר וועמענס כּבוד־וועגען דער בּדחן מאַכט דעם וויוואַט. זעהר כאַראַקטעריסטיש איז אויך די ענדע. ווי ער ענדיגט דריי מאָל „וויוואַט", שטרעקט ער באַלד אוים די האַנד. צאַהלען זי געלד..

# א וואָלאַכ'ל, לאָמיר זינגען.

*Andante Con Chasidato...* (מיט חסידישע התלהבות)

א וואָלאַכ'ל לאָמיר זינגען,
א וואָלאַכ'ל לאָמיר שרייען,
א וואָל כ'ל לאָמיר זינגען,
לאָמיר שרייען! ביס

א גאַנצע וואָך
האָרעוועט מען דאָך,
אויף שבת דאַרף מען לייען. ביס

# פֿון וואַנען קומט אַ איד.

*Andante.* (פאַמעליך)

*mf*

פֿון איד? א קומט נען—וואַ פֿון

איד? א קומט נען—וואַ פֿון איד? א קומט נען—וואַ

ווייטש!—באַ—לי פֿון

וואָס ווייטש?—באַ—לי אין מען טוט וואָס

וואָס ווייטש?—באַ—לי אין מען—טוט

ווייטש—באַ—לי אין מען—טוט

ליעט—הו מען און פֿען—בראָנ טריקט מען

האָד—ראַ—קאַ אַ טאַנצט מען און.

(איינגעהאלטען.)

ליעט—הו מען און פֿען—בראנ טרינקט מען

האָד—ראַ—קאַ אַ טאַנצט מען און.

ליעט—הו מען און פֿען—בראָנ טרינקט מען

האָד—רא—קא א טאנצט מען און!

פון וואַנען קומט אַ איד?
פון וואַנען קומט אַ איד?
פון וואַנען קומט אַ איד?
— פון ליובאַוויטש! (ביס)
וואָס טהוט מען אין ליובאַוויטש? (דריי מאָל)
— מען טרינקט בראָנפען און מען הוליעט
און מען טאַנצט אַ קאַראַהאָד. (פיר מאָל ביס)

# א־ה״ש ביים רבי׳ן.

*Andante.* (מיט חסידישען ברען.)

- גע וואַלד-גע וואַלד - גע, וואַלד - גע, וואַלד - גע

דער - ברו, גער - צי - האַר, דער - ברו טער - גו וואלד!

הן - זע זיך מיר לען - ווע, ווען, ווען?

אָס, בען - לע אין זונט - גע בען - גע וועט גאָט אַז

הן - זע זיך מיר לען - ווע, בין - ר ביים שם - ה צה - יר

געוואַלד, געוואַלד,
געוואַלד, געוואַלד, געוואַלד!
גוטער ברודער, טייערער ברודער! (ביס)
ווען, ווען וועלען מיר זיך זעהען? (ביס)
— אַז גאָט וועט געבען
געזונד און לעבען,
איה״ש ביים רבי׳ן
וועלען מיר זיך זעהען!

II.

געוואַלד א. א. וו.
ווען, ווען וועלען מיר אַ ביסעלע משקה טרינקען א. אַ. וו.

III

געוואַלד א. אַ. וו.
ווען, ווען וועלען מיר אַ רקוד׳ל טאַנצען א. א. וו.

# אז מען נעמט די ערשט כּוסע.

*Recitatiwo.* (פריי)

*mf*

מען דארף ,סע-כו שטע—ער די נעמט מען אז

זער און אין בען-שרי-גע דאָך שטייפזוי-א ,רוך——בּ גען-זא

מיר אָי .רוך—ע חן-שול גען—לי—היי

נען——בע——גנ נישט מער לען—ווע

.מען——נע לײן———א לען—ווע מיר

I.

אַז מען נעמט די ערשטע כּוס'ע,
דאַרף מען זאָגען „ברוך",
אַזוי שטעהט געשריבען אין אונזער הייליגען
שולחן-ערוך.

אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען } ב"ס
מיר וועלען אַליין נעמען.

II

אַז מען מאַכט די ערשטע כּוס'ע, דאַרף מען דאָך
זאָגען „אתה",
אַזוי האָט אונז געהייסען אונזער הייליגער טאַטע.

אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. ז. וו.

III

אַז מען מאַכט אַ רעכטע כּוס'ע, דאַרף מען זאָגען:
„אדוני",
טרינקען דאַרף מען ווי אַ איד און נישט ווי אַ גוי.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. א. וו.

IV

אַז מען נעמט אַ ביסעל משקה, דאַרף מען זאָגען:
„אלוהינו",
ס'איז אַ סברה, אַז ס'האָבען שוין געטרונקען אונזערע אבות־אבותינו.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. א. וו.

V

אַז מען מאַכט אַ רעכטען קידוש, דאַרף מען זאָגען:
„מלך"
ווי מען טרינקט נור אויס די משקה, ווערט אויפ'ן הארצען פרעהלאַך.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. א. וו.

VI

אַז מען האַלט ביים לעצטען גלעזעל, דאַרף מען זאָגען:
„העולם",
טרינקען דאַרף מען, ווי אַ מענש און נישט ווי א גולם.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען
מיר וועלען אַ ל יי ן נעמען. } ביס

VII

אַז מען נעמט אַ גוט ביסעל בראָנפען דאַרף מען דאָך מאַכען: „שהכל",

ווייל זי מאַכט דאָך פון אונז אַ גרויסען סך־הכל.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. א. וו.

VIII

אַז מען מאַכט די גאָר גרויסע כוס'ע, דאַרף מען דאָך
זאָגען: „נהיה",
אַז מיר האָבען דערלעבט צו טרינקען שנאַפּס — האָבען
מיר אַ גרויסע זכיה.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. א. וו.

IX

אַז מען מאַכט דעם פיינעם קידוש, דאַרף מען דאָך
ענדיגען: „בדברו",
ווייל ווער ס'קאָן מעהר טרינקען, איז אַ גרעסערער
שררה.
אוי, מיר וועלען מעהר נישט גנב'ענען א. א. וו.

# אֵלוּ וְאֵלוּ צוֹעֲקִים כָּךְ

*Moderato.* (בצוועגט)

mf

,הֶם-תֵּי——בָ—בְּ בִים-יוֹשׁ-הַ תִּים-בַּ לֵי——בַּעֲ

.הֶם—כְּלֵי——————בְּ יִן—יַ תִים—שׁוֹ—וְ

:כָּךְ קִים—עֲ—צוֹ לוּ—אֵ—וְ לוּ—אֵ

.דאָך זיך ווילט פען—בראָנ טרינק אַ

I

בעלי־בתים היושבים בבתיהם
ושותים יין בכליהם.
אלו ואלו צועקים כך:
אַ טרונק בראָנפען ווילט זיך דאָך!

II

בעלי־בתים, וואָס וואוינען אין אייגענע היי
טרינקען אויס בראָנפען גאַנצע ברייזער.
אלו ואלו צועקים בקול:
אַ טרונק בראָנפען איז דאָך וואויל!

III

דינים היושבים אצל הכנס'ל,
השותים יין אַ פולע פלעשעל.
אלו ואלו צועקים בקול:
אַ טרונק בראָנפען איז דאָך וואויל!

IV

רבנים, וואָס לערנען משניות פּוסק
טרינקען בראָנפען מיט גרויס חשק.
אלו ואלו צועקים בך:
אַ טרונק בראָנפען ווילט זיך דאָך!

V

גנבים היושבים במחתרת
ושותים יין בכלי חרס.
אלו ואלו צועקים חי:
אַ טרונק בראָנפען פּאַדאַוואַי!

VI

גנבים, וואָס ברעכען שלעסער פון שטאָל
טרינקען בראָנפען גאָר אָהן אַ צאָל.
אלו ואלו צועקים חי:
אַ טרונק בראָנפען פּאַדאַוואַי!

VII

דאָקטוירים, וואָס מאַכען דעם חולה קראַנקער
טרינקען בראָנפען אַ גאַנצען אַנקער.
אלו ואלו צועקים בך:
אַ טרונק בראָנפען ווילט זיך דאָך!

VIII

הענדלער היושבים אצל ההענדעל
ושותים יין אַ פולע פענדעל.
אלו ואלו צועקים בקול:
אַ טרונק בראָנפען איז דאָך וואויל!

## IX

מלמדים האָס לערנען מיט סינדער גמרא,
טרינקען בראָנפען אין דער גרעסטער צרה.
אלו ואלו צועקים חי:
א טרונק בראָנפען פּאַדאַוואַי!

## X

ארבייטער פון פאַבריקען און מייסטער קרייען,
טרינקען בראָנפען און מאַכען אַ לחיים.
אלו ואלו צועקים חי:
א טרונק בראָנפען פּאַדאַוואַי

# אַ זֶמֶר'ל.

*Moderato.* (בעוועגט)

לאָמיר זשע זינגען (בּיס)
אַ זמר'ל, אַ זמר'ל.
לחם לאכול, בשר ודגים
וכל מטעמים.

— זאָג־זשע מיר, טאַטעניו, וואָס איז לחם?
— ביי די גרויסע גבירים איז לחם אַ בולקע.
און ביי אונז, אָרימע קבצנים, איז לחם אַ דאַרע סקאָרינקע.

— דאָס איז לחם!

— זאָג זשע מיר, טאַטינקע, וואָס איז בשר?
— ביי די גרויסע גבירים איז בשר אַנ'אינדיק,

און ביי אונז, אָרימע קבצנים, איז בשר אַ דאַרע
קישקע.

— דאָס איז בשר

— זאָג זשע מיר, טאַטינקע, וואָס איז דגים?

— ביי די גרויסע גבירים איז דגים אַ העכט,
און ביי אונז, אָרימע קבצנים, איז דגים אַ געוויאַנזעל-
טער הערינג.

— דאָס איז דגים!...

— זאָג זשע מיר, טאַטינקע, וואָס איז מטעמים?

— ביי די גרויסע גבירים איז מטעמים קאָמפּאָט,
און ביי אונז, אָרימע קבצנים, איז מטעמים געהאַקטע
צרות.

— דאָס איז מטעמים.

# ווען דו וואלסט געווען דער בורא עולם.

*Moderato.* (נישט גיך.)

*mf*

ווען דו וואלסט גע - ווען דער בו - רא - עו - לָם,
וואָס וואָל - טו - סטו גע - טון? ווען דו וואָלסט גע - ווען דער
בו - רא - עו - לָם וואָס וואָל - טו - סטו גע - מאַכט? כ'וואלט גע -
מאַכט אונ גע - מאַכט - כ'וואלט גע - מאַכט א טשאַ - טשענט - לענט ער זאָל אין
אוי - ווען נישט א - ריינ - גען, דאָס וואָלט איך גע -
מאַכט א - פּי - ראָ - סים - קוֹר אונ מתּ - גנ - דים וואָלט איך א
קרענק - גע - גע - בעֶן, נאַר די - חסי - דים - לאַך ... ה - לֶ -
וואַי, ה - לֶ - וואַי, ה - לֶ - וואַי דאָס וואָלט א - מת - גע -
ווען, ה - לֶ - וואַי, ה - לֶ - וואַי, ה - לֶ -
וואַי וואָלט דאָס א - מה - גע - ווען

1

ווען דו וואָלסט געווען דער בורא עולם,
וואָס וואָלסטו געטהון?
ווען דו וואָלסט געווען דער בורא עולם,
וואָס וואָלסטו געמאַכט?

— כ'וואָלט געמאַכט און געמאַכט:

כ'וואָלט געמאַכט אַ טשאָלענט ער זאָל אין אויוועז
יישט אַריינגעהן,

דאָס וואָלט איך געמאַכט:
אפּיקורסים און מתנגדים וואָלט איך אַ קרענק געגעבען,
נאָר די חסידים'לאַך.

הלואי, הלואי, הלואי וואָלט דאָס אמת געווען. (בּיס)

II

ווען דו וואָלסט געווען א. אַ. וו.

— כ'וואָלט געמאַכט און געמאַכט:
כ'וואָלט געמאַכט אַ קוגעל ער זאָל אין טשאָלענט
נישט אַריינגעהן,

דאָס וואָלט איך געמאַכט:
אפּיקורסים און מתנגדים וואָלט איך אַ קרענק געגעבען,
נאָר די חסידים'לאַך.

הלואי, הלואי, הלואי וואָלט דאָס אמת געווען! (בּיס)

III

ווען דו וואָלסט געווען א. א. וו.

— כ'וואָלט געמאַכט און געמאַכט:
כ'וואָלט געמאַכט אַ בּית־עולם, ער זאָל אין פּאַרקאַן
נישט אַריינגעהן,

דאָס וואָלט איך געמאַכט:
אַפּיקורסים און מתנגדים וואָלט איך אַ קרענק בּעגראָבען,
נאָר די חסידים'לאַך...

הלואי, הלואי, הלואי וואָלט דאָס אמת געווען! (בּיס)

# וואָס וועט זײַמיט דעם רֶבִּין דעם פּרומען.

*Andante energico.*

I

חאָס וועט זיין מיט דעם רבי'ן דעם פרומען,
במהרה בימינו, אַז משיח וועט קומען?
— פון ווייַן און פון בראָנפעז וועט געהן אַ רעגען,
און דאָס וועט זיין פאַר די חסידים'ס וועגען.
— במהרה בימינו, ווי דערלעבט מען שוין דאָס.

ס'וועט דאָך זיין אַ ליכטיגע וועלט, (דריי מאָל)
מ'עט טריַנקען בראָנפען אומגעשטעלט.

II

מען וועט נעמען אַ בהמה אַ כשר'ע, אַ פרומע,
זי וועט זיין אַן'אייניקעל פון דער פרה־אדומה;
מען וועט זי איינשפּאַנען אין דער קאַרעטע פון דעם
רבי'ן דעם פרומען,
במהרה בימינו, אַז משיח וועט קומען.
טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ,
ווי דערלעבט מען שוין דאָס.

ס'עט דאָך זיין אַ ליכטיגע וועלט, (דריי
מ'עט טרינקען שפּירעטעס אומגעשטעלט.

III

די קאַרעטע וועט זיין פון פּאַרמעט נישט פון לעדער,
פון עצי־שיטים וועלען זיין די רעדער;
די אַקסען וועלען זיין פון עצי־גופר,
און די בייטש — אַ ציצה געבונדען אין אַ שופר.
טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ,
ווי דערלעבט מען שוין דאָס.

ס'עט דאָך זיין אַ ליכטיגע וועלט, (דריי מאָל)
מ'עט טרינקען שפּירעטעס אומגעשטעלט.

IV

אויף די בוימער וועלען וואַקסען קוילעטשען מיט בולקעס,
די צווייגען וועלען זיין ציבוקעס מיט ליולקעס;
די בלעטער וועלען זיין טערקישער טוטין
און מיר חסידים וועלען רויכערען דערפון.
טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ,
ווי דערלעבט מען שוין דאָס.

ס'עט דאָך זיין אַ ליכטיגע וועלט, (דריי מאָל)
מ'עט טרינקען שפּירעטעס אומגעשטעלט.

# ציג ציגיצאַפּ׳ל.

*Andanate.* (פאמעליך)

איך ,יה - רא ה לְיו - פָּ רו - בֶ - מַח צְ - מו - ה
יע - ניי א גאָר שה - מ א לען - צצה-דער איך וועל
!צאַפּ ציג יגע - צי - יגע - צי פ'ל - צאַ - גי - צי ,ציג
.צאַפּ ציג ציג פ'ל - צאַ - גי - צי ,ציג

I

המוציא מחבירו עליו הראיה.
פון דעם רבי'נס נסים וועל איך דערצעהלען
א מעשה א נייע.

ציג-ציגעצאַפּעל ציגע ציגעל ציפּ-צאַפּ
ציג-ציגעצאַפּעל ציג-ציג צאַפּ!

II

די מעשה האָט זיך געטראָפען במוצאי הושענא-רבא.
איז געבאָרען געוואָרען א בכור א באָקעלע ביים רבינ'ס
גבאי.

ציג-ציגעצאַפּעל א. ז. וו.

III

האָט דער רבי געהייסען איהם פּיצען און צירען,
און אָהן שאלות און אָהן מענות אין מקוה איהם
פיהרען.

ציג-ציגעצאַפּעל א. ז. וו.

IV

דאָס בעקעל האָט מען אָנגעטהון גאַנץ שעהן און גאַנץ פיין,
און מען האָט איִם מיט גרויס כבוד געפירט אין מקוה אריין.

ציִג־ציִגעצאַפעל א. א. וו.

V

די חסידים פאַר'ן עק — דער רבי פאַר'ן האָרעז,
דאָס בעקעלע האָט געגעבען אַ שפרונג, און אַנטלאָפען געוואָרען.

ציִג־ציִגעצאַפעל א. ז. וו.

VI

זענען אַלע געלאָפען דאָס באָקעלע זוכ'ן,
ס'איז אַפילו געלאָפען דער כהן פון דוכן.

ציִג־ציִגעצאַפעל א. ז. וו.

VII

נאָך איהם איז געלאָפען די טענדלערקע דאָבע,
נאָך איהר איז געלאָפען די רבי'צין די גראָבע.

ציִג־ציִגעצאפעל א. ז. וו.

VIII

נאָך איהר איז געלאָפען חיים דער קרומער,
נאָך איהם איז געלאָפען דער שוחט דער פרומער.

ציג־ציגעצאפעל א. ז. וו.

IX

דער שוחט האָט געגעבען אַ כאַפּ דאָס באָקעלע פאַרן זנב,
האָט ער איִהם במחילה מעיז געווען בפניו.

ציִג־ציִגעצאַפעל א. ז. וו.

X

האָבען אַלע געזעהן, אַז דאָס איז אַ דבוק געווען,
האָט דער רבי געהייסען, קריעת־שמע צו לעזען.

ציג־ציגעצאַפּעל א. ז. וו.

XI

אויף צו מאָרגענס האָט ער געהייסען גומל צו בענשען,
וואָס ער האָט מציל געווען פון דבוק אַלע מענשען.

ציג־ציגעצאַפּעל א. ז. וו.

XII

איהר אפּיקורסים, הולטאַיעס, וועט פון דעם לאַכען און שפּאָטען;
וועט מען אייך דערפאַר אויף יענער וועלט ברענען און בראָטען

ציג־ציגעצאַפּעל א. ז. וו.

# דער רבי אלימלך.

*Allegro agitato.* (בעוועגט און אקצענטירענד)

· גע איז ,לך - מ - לי - א . בי - ר דער אז

ער - זעה רען - וואָ - גע איז ,לאַך - פֿרע ער - זעה רען - וואָ

דעם טון - גע אויס ער האָט .. ,לך - מ - לי - א ,לאַך - פֿרע

· גע און · טעל - הי די טאָן - גע - אָן האָט און טעל - קי

די אַז און . צוויי . די לערס - פֿיד די נאָך שיקט

גיכער.

· גע דיג - דעל - פֿי בען - האָ ,לער - פֿיד גע - די - דעל - פֿי

בען - האָ דעלט - פֿי גע - דיג - דעל - פֿי · בען - האָ ,דעלט - פֿי

שנעלער.

בען - האַ ,לער - פֿיד גע - די - דעל - פֿי די אַז און ,זיי

· גע דיג - דעל - פֿי בען - האָ ,דעלט - פֿי - גע דיק - דעל - פֿי

בען - הא דעלט - פֿי זיי.

I

**אַז דער רבי אלימלך,**
**איז געוואָרען זעהר פרעהלאַך,**
**איז געוואָרען זעהר פרעהלאַך**
**אלימלך,**
**האָט ער אויסגעטון דעם קיטעל**
**און האָט אָנגעטון די היטעל**

און געשיקט נאָך די פֿידלער
די צוויי.

און, אַז די פֿידעלדיגע פֿידלער,
האָבן פֿידעלדיג געפֿידעלט, ביס
האָבן פֿידעלדיג געפֿידעלט
האָבן זיי.

II

און, אַז דער רבי אלימלך
איז געוואָרען נאָך מעהר פֿרעהלאַך,
איז געוואָרען נאָך מעהר פֿרעהלאַך
אלימלך,
האָט ער אָבגעמאַכט הבדלה
מיט'ן שמש רב נפתלי
און געשיקט נאָך די צימבלער
די צוויי.

און, אַז די צימבעלדיגע צימבלער
האָבן צימבעלדיג געצימבעלט, ביס
האָבן צימבעלדיג געצימבעלט
האָבן זיי.

III

און, אַז דער רבי אלימלך
איז געוואָרען גאָר שטאַרק פֿרעהלאַך,
איז געוואָרען גאָר שטאַרק פֿרעהלאַך
אלימלך,
האָט ער אויסגעטון די תּפֿילין
און האָט אויסגעווישט די ברילען
און געשיקט נאָך די פּייקלער
די צוויי.

און, אַז די פּייקעלדיגע פּייקלער,
האָבען פּייקעלדיג געפּייקעלט, } ביס
האָבען פּייקעלדיג געפּייקעלט
האָבען זיי.

# דאָס קליין מְלַמֵד׳ל.

*Moderato.* סאלא (בעוועגט.)

איך ווער איר ווייסט צי ?בין איך ווער איר ווייסט צי

צי ,בין איך בין איך בין איך ?בין

אייך איך וועל באלד און ?בין איך ווער איר ווייסט

.כּער—גי ,ושע זאגט ,ושע זאגט ,ושע זאגט און .געגן זאָ

ושע זאגט ,ושע זאגט !באלד .באלד ,באלד .ושע זאגט .ושע זאגט

!באלד ,באלד ,באלד .ושע זאגט ,ושע זאגט ,כּער—גי .ושע זאגט

א רל—מ—ל—מ - קליין א

צום דריטען פערז.

רער .געגן—זאָ בית—לף—א רעס קען נער—איי

רער און ,,גן—שלאָ מע—מאַ רער קען טער—צווי

..בען—האַ נָה—תּו—ח טער דרי

צום לעצטען פערז.

,מען—מיינט ציג—פער ,מען—זאָגט ציג—פיפ

צען און ,מען—גיט ציג—צוואַנ מען—צאָלט סיג—דריי

צען און .טאָ—ניש איז לאַך—בא—קפּי

טאָ—ניש איז לאַך—באָ—קער

I

צי ווייסט איהר ווער איך בין? (ביס)
איך בין, איך בין, איך בין,
— צי ווייסט איהר ווער איך בין?

און באלד וועל איך אייך זאָגען. (ביס)

— זאָגט זשע, זאָגט זשע, זאָגט זשע גיכער,
זאָגט זשע, זאָגט זשע, באלד, באלד, באלד. (ביס)

— א קליין מלמד'ל. (ביס)

II

צי ווייסט איהר מיט וועמען איך לערען? (ביס)
איך לערען, איך לערען, איך לערען,
— צי ווייסט איר מיט וועמען איך לערען?

און באלד וועל איר אייך זאָגען. (ביס)

— זאָגט זשע, זאָגט זשע א. א. וו.

— מיט דריי תלמידים'לאַך. (ביס)

II

און ווייסט איהר וואָס זיי קענען? (ביס)
זיי קענען, זיי קענען, זיי קענען,
— צי ווייסט איהר וואָס זיי קענען?

און באלד וועל איך אייך זאָגען. (ביס)

— זאָגט זשע, זאָגט זשע א. א. וו.

— איינער קען דעם אלף־בית זאָגען,
דער אנדערער קען דער מאמע שלאָגען
און דער דריטער חתונה האָבען. (ביס)

IV

און ווייסט איִהר ווען ער נעמט?
ער נעמט, ער נעמט, ער נעמט
— און ווייסט איהר ווען ער נעמט?

און באַלד וועל איִך אייך זאָגען. (ביס)

— זאָגט זשע, זאָגט זשע א. אַ. וו.

— דעם בעדער׳ס טאָכטערל. (ביס)

V

און ווייסט איִהר וויפיל נדן ער נעמט?
ער נעמט, ער נעמט, ער נעמט
— און ווייסט איהר וויפיִל נדן ער נעמט?

און באַלד וועל איך אייך זאָגען. (ביס)

— זאָגט זשע, זאָגט זשע א. אַ. וו.

— פופציִג קערבלאַך. (ביס)

פופציִג זאָגט מען,
פערציג מיינט מען,
דרייסיִג צעהלט מען,
צוואַנציג גיט מען,
צען קערבעלאַך איִז ניִטאָ! (ביס)

# אונטער אקליין בוימעלע.

*Allegretto.* (בּעוועגט.)

*mf* אונ-טער א קליין בוי - מע - לע, זי - צען יונג - לעך

צוויי„ זיי ריי - דען פון א מיי - דע - לע,

קיין זאַך קי-מערט זיי, זיי ריי - דען פון א

ענדע

מיי - דאַ - לא, קיין זאך קי - מער זיי.

דער צעלט איי-נער די נס - סים - לאַך, וואָס ער האָט גע - האַט;

כּאפּט דער אַנ - דע - רער א-רויס, דער צעלט עס אַ - קו-ראַט.

אונטער אַ קליין בוימאַלע,
זיצען יונגלאַך צוויי;
זיי ריידען פון אַ מיידאַלע, } בּיס
קיין זאַך קימערט זיי.

ערצעהלט איינער די ניסים'לאַך,
וואָס ער האָט געהאַט;
כאַפּט דער אַנדערער אַרויס
דערצעהלט עס אַקוראַט
אונטער אַ קליין בוימאַלע א. א. וו.

II

ער פל־עגט, זאָגט ער, גאַנצע טעג,
אומגעהן אומגעגעסען;

דאָרט, ווי זי האָט געוואוינט,
שטיין שוין אָבגעזעסן.

אונטער אַ קליין בוימעלע א. א. וו.

II

שטורעם, ווינט, רעגן, שניי,
קיין זאַך נישט געשראָקן;
און די מאַמע אין דער היים,
געוואַרט האָט מיט אַ פלאָקן.

אונטער אַ קליין בוימעלע א. א. וו.

IV

און דער טאַטע צו דער צו,
מיט דעם פאַס דעם גרויסן;
אויסגעקלאַפט די ביינדעלאַך,
ארויסגעיאָגט אין דרויסן.

אונטער אַ קליין בוימעלע א. א. וו.

# נחומקע מיין זוהן.

*Allegretto.* (בצוועגט)

*mf* נָ - חום - קע מיין זון, נָ - חומ - קע מיין זון!

ווע-מען הא - סטו ליב זו - נע - ניו?

ווע-מען הא - סטו ליב זו - נע - ניו? א

אי - דיש מיי - דעל, טא - טע - ניו! א

יי - דיש מיי - דעל טא - טע - ניו! אוי,

נָ - חו קע מיין זון, נָ - חו קע מיין זון.

נחום׳קע מיין זוהן! (ביס)
וועמען האָסטו ליב, זוהנעניו? (ביס)
— אַ אידיש מיידעל טאַטעניו. (ביס)

II

אוי, נחום׳קע מיין זוהן! (ביס)
ווער איז דאָס מיידעל, זוהנעניו? (ביס)
— אַ בעל־הבתיש קינד, טאַטעניו. (ביס)

III

אוי, נחום׳קע מיין זוהן! (ביס)
וויפיל גיט זי נדן, זוהנעניו? (ביס)
— קיין נדן האָט זי נישט, טאַטעניו. (ביס)

IV

אוי, נחום'קע מיין זוהן! (ביס)
הייס איך זי נישט נעמען, זוהנעניו! (ביס)
— פרעג איך נישט ביי דיר, טאַטעניו! (ביס)

V

אוי, נחום'קע מיין זוהן! (ביס)
ווען וועלען זיין די תנאים, זוהנעניו? (ביס)
— איך פאָר שוין צו דער חופה, טאַטעניו. (ביס)

VI

אוי, נחום'קע מיין זוהן! (ביס)
ווער וועט דיך בענשען, זוהנעניו? (ביס)
— גאָט אין הימעל, טאַטעניו! (ביס)

VII

אוי, נחום'קע מיין זוהן! (ביס)
גיב איך דיר מיין ברכה, זוהנעניו! (ביס)
— גיב איך דיר מיין דאַנק, טאַטעניו. (ביס)

# פֿון מאָנטאָג אין דער פֿריה ביז פֿרייטאָג פֿאַר נאַכט.

*Allegretto.* (בעוועגט.)

פֿאַר טאָג - פֿריי ביז פֿרי דער אין טאָג-מאָן פֿון

- גע גצעל - קו דעם האט נע - טריי קע - ציפ ווייב מיין ,נאַכט

איהר פֿון ער האט ,לע - בע - ווי א איד א האָט מאכט

לע-בע - ווי א איד א האָט ,רות - צָ

רות - פּ - כּ אויף זי טויג.

פֿון מאָנטאָג אין דער פֿריה ביז פֿרייטאָג פֿאַרנאַכט,
מיין ווייב טשיפּע-טריינע האָט דעם קוגעל בעמאַכט.

האָט אַ איד אַ ווייבעלע,
האָט אַ ווייב אַ אידעלע,
האָט אַ איד אַ ווייבעלע,
האָט אַ ווייב אַ אידעלע.

ווי ס'איז געקומען שבת צום עסען,
האָט זי דעם קוגעל אין אויוען פֿערגעסען.

האָט אַ ווייב אַ אידעלע א. אַ. וו.

האָט ער גענומען דעם גראָבען שטעקען
און האָט אָנגעהויבען דאָס ווייבעל צו דעקען.

האָט אַ איד א. אַ. וו.

האָט זי גענומען די אַלטע שקראַבעס
און איז ענטלאָפֿען צום טאַטען אויף שבת

האָט אַ איד א. אַ. וו.

האט ער גענומען מיט די שכנים שפעקולירען,
מען זאָל איהם זיין ווייבעל ברענגען צו פיהרען

האָט אַ איד א. אַ. וו.

האָט מען שוין דאָס ווייבעל געבראַכט,
פון מאָנטאָג אין דער פריה ביז פרייטאָג פאַרנאַכט.

האָט אַ איד א. אַ. וו.

אוי, מיין מאַן, זאָלסט מיר לעבען אויף דער וועלט,
זאָלסט מיר נאָר געבען דעם בייטעל מיט געלד.

האָט אַ איד א. אַ. וו.

# ניין מאמע, ניין מוטער.

*Moderato.* (בעוועגט)

איך ,קינד ליב מיין אויס מיך הער

א בעץ-גע דיר וועל איך ;גען—זא פעס—ע דיר וועל

.בען—האָ נָה-תו—חַ אים מיט זאלסט יונג דער-שניי

איז יונג דער-שניי א ,טער-מו ,ניין ,מע-מא ,ניין

נייט יונג דער-שניי א ,טער—בי הער—זע

———בּ ווייב דאס שלאגט און דעל—נאָ א מיט

א טער-מו ,ניין ,מע—מאַ ,ניין .דול—גָ בוד—קָ

.טער—בי הר—זע איז יונג דער-שניי

I

הער מיך אויס, מיין ליבּ קינד
איך וועל דיר עפּיס זאָגען:
איך וועל דיר געבען אַ שניידער יונג
זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען.

— ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ שניידער יונג איז זעהר בּיטער.
אַ שניידער יונג נעהט מיט דער נאָדעל

און שלאָגט דאָס ווייב בכבוד גדול...
יין מאַמע, ניין מוטער,
אַ שניידער יונג איז זעהר ביטער!

II

הער מיך אויס, מיין ליב קינד,
איך וועל דיר עפּעס זאָגען:
איך וועל דיר געבען אַ שוסטער יונג
זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען.

— ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ שוסטער יונג איז זעהר ביטער.
ער ציהט די דראַטווע מיט די ציין
און קוקט אויף מיידלאַך מלא חן...
ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ שוסטער יונג איז זעהר ביטער!

III

הער מיך אויס, מיין ליב קינד,
איך וועל דיר עפּעס זאָגען:
איך וועל דיר געבען אַ סטאָלער יונג
זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען.

— ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ סטאָלער יונג איז זעהר ביטער,
אַ סטאָלער יונג מאַכט אַ בעט
געהט צו דער חופּה און טראַכט אַ גט.
ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ סטאָלער יונג איז זעהר ביטער!

VI

הער מיך אויס, מיין ליב קינד,

איך וועל דיר עפּעס זאָגען:
איך וועל דיר געבען אַ בעקער יונג
זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען.

— ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ בעקער יונג איז זעהר ביטער.
אַ בעקער יונג באַקט אַ ברויט
און ברענגט דעם ווייב אַ גיכען טויט.
ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ בעקער יונג איז זעהר ביטער!

V

הער מיך אויס, מיין ליב קינד,
איך וועל דיר עפּעס זאָגען:
איך וועל דיר געבען אַ רב אַ יונג,
זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען.

— ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ רב אַ יונג איז זעהר ביטער,
אַ רב אַ יונג, קוועטשט די באַנק
און מאַכט זיין ווייב'ל אַלט און קראַנק.
ניין מאַמע, ניין מוטער,
אַ רב אַ יונג איז זעהר ביטער.

IV

הער מיך אויס, מיין ליב קינד,
איך וועל דיר עפּעס זאָגען:
איך וועל דיר געבען אַ שרייבער יונג
זאָלסט מיט איהם חתונה האָבען.

— יאָ מאַמע, יאָ מוטער,
אַ שרייבער יונג איז אַ רנישט ביטער.

אַ שרייבער יונג שרייבט מיט דער פּען
און קושט דאָס ווייבעל ווען ער קען.
יאָ מאַמע, יאָ מוטער,
אַ שרייבער יונג איז גאָר נישט ביטער.

# דאָס קאָזשעניצער שניידער'ל.

*Allegra Moderato.*

בין איך מיר א שניי - דער - ל א גו - טער, כ'נעה פאר'ן
קא - זשע - ני - צער ר - בי'ן א פו - טער, איך
נעם א - רוס די גו - טע וואַ - טע און
לעג א - ריין אַנ - אַל - טע שמא - טע.

לעבעדיג.

טראַ לאַ לאַ, לאַ לאַ לאַ טראַ לאַ, לאַ לאַ טראַ לאַ לאַ טראַ לאַ לאַ לאַ
טראַ לאַ לאַ לאַ, טראַ לאַ לאַ לאַ טראַ לאַ לאַ
טראַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ לאַ.

I

בּין איך מיר אַ שניידער'ל אַ גוטער,
כ'נעה פאַר'ן קאָזשעניצער רבי'ן אַ פוטער;
איך נעם אַרויס די גוטע וואַטע
און לעג אַריין אַנ'אַלטע שמאַטע.
טראַ לאַ לאַ.

II

בּין איך מיר אַ שניידער'ל, ס'איז מיר גוט,
לעב איך זיך צופרידען און בערוהט;
מיט'ן פאָדעם און מיט דער נאָדעל
לעב איך מיר אָב בּכבוד גדול.
טרא לא לא.

III

בין איך מיר אַ שניידער'ל אַ גוטער,
נעה איך מיר פאַר'ן קאָזשעניצער רבי'ן אַ פוטער;
איך זרעה א.הם אַהער, איך דרעה איהם אַ אַהין
און גנב'ע אַראָב אַנ'אַנדערטהאַלבען אַרשין.
טרא לא לא.

IV

דער בגד איז שוין גאַנץ פאַרטיג,
טראָג איך איהם אָב שעהן און אַרטיג;
ער נעמט איהם קעהרען, ער נעמט איהם דרעהען
און הייסט מיר אַ קנעפעל איבערצונעהען.
טרא לא לא.

V

ער זאָגט, אַז דער בגד איז נישט גוט,
און צאַפּט פון מיר אויס דאָס בלוט;
דער בגד איז גוט, ווי די וועלט,
ער וויל מיר נישט בעצאָהלען קיין גראָשען געלד...
טרא לא לא.

# מיט אַ נאָדעל און אָהן אַ נאָדעל.

*Moderato.* בעוועגט

*p*

מיט א נאַ - דעל און אהן אַ נאָ - דעל
ניי איך מיר בְּ - כָּ - בוד גָ - דול, מיט אַ נאָ - דעל
און אָן א נא - דעל, ניי איך מיר בְּ - כּ - בוד גָ-דול
און אַז איך האָב א נאָ - דעל מיט אַ פּאָ - דים
ניי איך מיר אָב די שעְן - סטע בְּגָ - דים

D.C

מיט אַ נאָדעל און אָהן אַ נאָדעל,
נעה איך מיר בכבוד גדול. (בּיס)

און אַז איך האָב אַ נאָדעל מיט אַ פאָדעם,
נעה איך מיר אָב די שענסטע בגדים.

מיט אַ נאָדעל א. אַ. וו.

I

און אַז איך האָב אַ נאָדעל מיט אַ פינגערהיט
לעב איך מיר אָב מיין וועלט בעריהט.

מיט אַ נאָדעל א. אַ. וו.

II.

אַבי איך נעם די שער און אייזען,
קאָן איך שוין מיין ווייב און קינדער שפייזען.

IV

איך פערלעג מיר אַ פּיס אויף אַ פּיס
און זינג מיר אַ לידעלע צוקער זיס.

מיט אַ נאָדעל און אָהן אַ נאָדעל
נעה איך מיר בכבוד גדול א. אַ. ו.

# דער סאַמאָוואַר.

Andante. ( נישט גיך )



I

בײ מײן בעל־הבית,
איז פאַרהאַן אַ דאָס,
שדים װײסען װאָס איז דאָס..

II

מיט אַ גראָבען בויך,
מיט אַ קורצען האַלז,
מיט אַ דזירי־דזים־דזים־קול.

III

גיט מען איהם אַ דרעה,
גיט פון איהם אַ גאַס,
שדים װײסען װאָס איז דאָס?..

# אלף-אַנ'אָדלער.¹)

*Majesosso.* (ענערגיש)

טער'ן — און טוט לער — אָד — אַ — לף — אַ

לע — אַ טוט בוים רען — בא — א — בית, הען — פלי מעל הי

דה-עבו דער צו זיך טוט ,לח — ג א מל — ג׳ ,הען — בלי מער — זו

הען — קי — רה — נ

א ל ף — אַנ'אָדלער טוט אונטער'ן הימעל פליהען,
ב י ת — אַ באַרענבוים טוט אַלע זומער בליהען,
ג י מ ל — אַ גלח טוט זיך צו דער עבודה-זרה קניהען.
ד ל ת — אַ דאָקטאָר טוט געבען אויף שוויצען,
ה י — אַ הימל טוט אַלע זומער דונערען און בליצען,
ו א ו — אַ ווײַנער טוט אויף די פעסלאַך ווײַן זיצען.
ז י ן — אַ זעלנער טוט אין דער מלחמה שיסען,
ח י ת — אַ חזן טוט זיך ביים דאַווענען מיט טרערהרען בעגיסען,
ט י ת — אַ טייך טוט לויפען און פליסען.
י ו ד — אַ יאַטקע-קלאָץ, מען טוט אויף איהם פלייש האַקען,
כ ף — אַ כלה, טוט מען פאַר איהר ל׳ קאַך באַקען,
ל מ ד — אַ לעבער טוט מען בראָטען און האַקען.
מ ם — אַ מיידעל טוט זיך פוצען און צירען,
נ ו ן — אַ נאָז טוט אַלע ווינטער אָבפרירען,
ס מ ך — אַ סאָד טוט מען אין איהם אַלע זומער געהן שפאַצירען.
ע י ן — אַנ'עקדיש טוט אין די פיס בייסען,

פּ י — אַ פּויער, וואָס דער פּריץ טוט איהם שמייסען,
צ ד י ק — אַ צאָהן טוט דער דאָקטאָר אַרויסרייסען.
ק ו ף — אַ קאָכלעפּעל טוט דעם טאָפּ אויסמישען,
ר י ש — אַ רב וואָס טוט אַלע דינים וויסען,
ש י ן — אַ שייגעץ טוט פון קייו אַלף נישט וויסען.
ת י ו — אַ ת(ט)אַטער אין הימעל האָבען מיר אַ פּאָטער,
ווען וועלען מיר שוין ווערען פון גלות פּטור.

# *) אלף־אַנ׳אָדלער.

*Moderato.* (בעצוועגט)

א—לף אַנ׳—אָד—לער, בית — אַ בוים, גי—מל, אַ גַ—לח. אַ נאָד־לער טוט הויך פלי־הען. אַ בוים טוט זו—מער בלי—הען, און אַ גַ—לח, טוט זיך צו דער עבו־דָה—זָ—רָה קני—הען.

אַלף — אַנ׳אָדלער,
בית — אַ בוים,
גימל — א גלח.
אַנ׳אָדלער טוט הויך פליִהען,
אַ בוים טוט זומער בליִהען
און אַ גלח טוט זיִך צו דער עבֿודה־זרה קניִהען.

דלת — אַ דאָקטער,
הי — אַ היִמעל,
ואו — אַ וויינער.
אַ דאָקטאָר טוט רפֿואות נוצען,
אַ הימעל טוט זומער דונערען און בליצען
און אַ וויינער טוטביים האָרנע זיצען.

זין — אַ זעלנער,
חית — אַ חזן,
טית — אַ טייך,
אַ זעלנער טוט הויך שיסען,
אַ חזן טוט זיִך ביים עמוד מיט טרעהרען בעגיִסען
און אַ טייך טוט לויִפען און פליסען.

יוד — אַ יאַטקע,
כּף — אַ קרעמער,
למד — לאָפּאַטע.
אין אַ יאַטקע טוט מען אַלערליי פלייש האַקען,
אַ קרעמער טוט זיין סחורה פּאַקען
און מיט אַ לאָפּאַטע טוט מען ברויט באַקען.

מם — אַ מיידעל,
נון — אַ נאָז,
סמך — אַ סרייבער.
אַ מיידעל טוט זיך פּוצען און ציִרען,
אַ נאָז טוט וויִנטער פרירען
און אַ שרייבער טוט מיט דער פּען אויפ'ן פּאַפּיר פיִהרען.

עין — אַנ'עקדיש,
פּי — אַ פּריץ,
צדיק — צימבלער.
אַנ'עקדיש איז אַ גרויסער פּראַנץ,
אַ פּריץ לעבט אין פּראַכט און גלאַנץ
און אַ צימבלער טוט צושפּילען אַ שעהנעם טאַנץ.

קוף — אַ קיִטקע,
ריש — אַ רביצין,
שין — אַ שדכן.
אַ קיטקע טוט מען באַקען אויף אייער,
אַ רביציִן טראָגט אַ וויסען שלייער
און אַ שדכן איִז אַ קרוטשעלע אַ דרייער.

תיו — אַ טאָטער,
איִן היִמעל האָבען מיִר אַ פּאָטער,
אַז משיח וועט קומען,
וועלען מיִר פון אַלע צרות ווערען פּטור.

# אלף-איינגעמאַכֿץ עסט דער נגיד...




אַלף — אינדיקעס עסט דער נגיד.
בּית — ביינדעלאַך גריזשעט דער אָרימאַן.
גימל — גענזעלאַך עסט דער נגיד.
דלת — דעם דלות האָט דער אָרימאַן.
הי — הינדעלאַך געפּרעגעלטע עסט דער נגיד
ואו — וועהטאָגען האָט דער אָרימאַן.
זין — זעמעל מיט פּוטער עסט דער נגיד.
חית — חלאת׳ן האָט דער אָרימאַן.
טית — טייבעלאַך געבּראָטענע עסט דער נגיד.
יוד — יסורים האָט דער אָרימאַן.
כּף — קאַלאָשען טראָגט דער נגיד.
למד — לאַפּטשעס האָט דער אָרימאַן.
מם — משקה טרינקט דער נגיד.
נון — ניכטער איז דער אָרימאַן.
סמך — סאַמעטענע קליידער טראָגט דער נגיד.
עין — ע(אָ)בּגעריסען געהט דער אָרימאַן
פּי — פּיפּקעס געבּראָטענע עסט דער נגיד
צדיק — צרות האָט דער אָרימאַן.
קוף — קאָטלעטען געפּרעגעלטע עסט דער נגיד.
ריש — רעטאַך גריזשעט דער אָרימאַן.
שין—שערעשעווסקיס*) פּאַפּיראָסען רויכערט דער נגיד.
תיו — תּוטין פּיפּקעט דער אָרימאַן!

---

*) א געוועזענע יידישע פּאַפּיראָסען־פאַבריק אין גראָדנע.

# שלום עליכם.

*Andante religioso.* (פאמעליך און רעליגיעז)

I

**שלום עליכם, מלאכי השלום, מלאכי עליון.**
**מי הוא זה מלך מלכי המלכים?**
**אוי וויי, טאטע זיסער, הקדוש ברוך הוא.** (ביס)

— אַ גוט שבת דיר רבי(!)
— וואָס ווילסטו מיין קינד?
— א סאַמעטענע היטעלע לכבוד שבת.
— וויפיל קאָסט אַ סאַמעטענע היטעלע?
— אלף ראַך (רו"כ)
— אלף ראַך. (רו"כ)
איז נישט קיין סך,
אַבי אַ סאַמעטענע היטעלע לכבוד שבת. (ביס)

II

בואכם לשלום, מלאכי השלום, מלאכי עליון.
מי הוא זה מלך מלכי המלכים?
אוי, ווערה, טאַטע זיסער, הקדוש ברוך הוא (ביס)
— אַ גוט שבת דיר רבי!
— וואָס ווילסטו מיין קינד?
— אַ זיידען גאַרטעלע לכבוד שבת.
— וויפיל קאָסט אַ זיידען גאַרטעלע?
— שלשה ראַך. (רו"כ)
— שלשה ראַך (רו"כ)
איז נישט קיין סך,
אַבי אַ זיידען גאַרטעלע לכבוד שבת. (ביס)

III

ברכוני לשלום, מלאכי השלום, מלאכי עליון.
מי הוא זה מלך מלכי המלכים?
אוי, ווערה, טאַטע זיסער, הקדוש ברוך הוא. (ביס)
— אַ גוט שבת דיר רבי!
— וואָס ווילסטו מיין קינד?
— אַנ'אַטלעסענע קאַפּאָטקע לכבוד שבת.

— וויפיל קאָסט אַנ׳אַטלעסענע קאַפּאָטקע?
— שלשים ראַר. (רו״ב)
— שלשים ראַך
איז נישט קיין סך,
ייִי אַנ׳אַטלעסענע קאַפּאָטקע לכבוד שבת. (ביס)

IV

בואכם לשלום, מלאכי השלום, מלאכי עליון.
מי הוא זה מלך מלכי המלכים?
אוי, וועה, טאַטע זיסער, הקדוש ברוך הוא. (ביס)

— אַ גוט שבת דיר, רבי!
— וואָס ווילסטו מיין קינד?
— אַ שבתא מלכתא לכבוד שבת.
— וויפיל קאָסט אַ שבתא מלכתא?
— אלף ראַך! (רו״כ)
— אלף ראַך
איז נישט קיין סך,
אַבי אַ שבתא מלכתא לכבוד שבת. (ביס)

# ווי אזוי לעבט דער קייסער?

*Majestosso.* (קייזערליך.)

רבותי, רבותי, חכמים אהן א ברעג!
כ׳וועל אייך פרעגען, כ׳וועל אייך פרעגען!

— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!

ענטפערט אַלע,
אויף מיין שאלה:
ווי טרינקט דער קייסער טהיי?

— טהיי?

מע נעמט אַ הוטעלע צוקער,
מע מאַכט אין דעם אַ לערעלע,
מע גיסט אריין הייס וואַסער.

און מע מיִשט, און מע מישט.
אוי, אָט אַזוי, אוי, אָט אַזוי,
אָט אַזוי טריִנקט דער קייסער טהיי.

II

רבותי, רבותי, חכמים אָהן אַ ברעג!
כ׳וועל אייך פרעגען, כ׳וועל אייך פרעגען!

— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!

ענטפערט אַלע,
אויף מיין שאלה:
ווי עסט דער קייסער בולבעס?

— בולבעס?
מע שטעלט אַוועק אַ וואַנד מיִט פוטער
און אַ סאָלדאַט׳ל מיט אַ האַרמאַט׳ל
שיִסט דורך די פוטער מיִט אַ הייסער בולבע
און טרעפט דעם קייסער גלייך אין מויל אַריין,
אוי, אָט אַזוי, אוי, אָט אַזוי,
אָט אַזוי עסט דער קייסער בולבעס.

III

רבותי. רבותי, חכמים אָהן אַ ברעג!
כ׳וועל אייך פרעגען, כ׳וועל אייך פרעגען!

— פרעג זשע, פרעג זשע, פרעג!

ענטפערט אלע,
אויף מיין שאלה:
ווי שלאָפט דער קייסער ביינאַכט?

— ווי ער שלאָפט?
מען שיִט אָן אַ פולען חדר מיט פעדער׳ן
און מע שליידערט אַריין אַהינצעצו דעם קייסער

און דריי ראָטעס סאָלדאַטען שטעהען און שרייען:
שאַ!! שאַ!! שאַ!!
אוי, אָט אַזוי, אוי, אָט אַזוי,
אָט אַזוי שלאָפט דער קייסער ביינאַכט!

# אברהמעלע מְלַמֵד.

*Andante.* (פאמעליך.)

1.

אַברהם'עלע מלמד;
אברהם'עלע מלמד!
אַברהם'עלע מלמד!
אברהם'עלע מלמד!
אברהם'עלע מלמד!
אברהם'עלע מלמד!
אברהם'עלע מלמד!

בײַ װעמען האָט מען פּסח צום ערשטען סדר געפֿונען
אַ גערשט אין די קניידלאַך?

—בײ אברהם׳עלע מלמד!

אברהם׳עלע מלמד!
אברהם׳עלע מלמד!
אברהם׳עלע מלמד!
אברהם׳עלע מלמד!
אברהם׳עלע מלמד!
אברהם׳עלע מלמד!

II

בײ װעמען האָט שבועות די קאַץ אױסגעלעקט די פּוטער און ער איז געבליבן אָהן בלינצעס?

— בײ אַברהם׳עלע מלמד!

אברהם׳עלע מלמד א. אַ. װ.

III

װער איז ראש־השנה געגאַנגען פאַר מוסף אין מקוה און האָט פערשפּעטיגט די תקיעות?

— אברהם׳עלע מלמד!

אברהם׳עלע מלמד א. אַ. װ.

IV

בײ װעמען איז ערב יום־כּפּור גע׳פּגר׳ט דער װײסער האָהן און ער איז געבליבן אָהן אַ כּפּרה?

— בײ אברהם׳עלע מלמד!

אברהם׳לע מלמד א. א. װ.

V

בײ װעמען איז סוכּות אַראָפּגעפאַלען איז שוהל דער אתרוג און ס׳האָט זיך אָבגעבראָכען דער פּיטום?

בײ אברהם׳לע מלמד!

אברהם׳לע מלמד א. ז. װ.

## אַבראַמליענקאָ נאַש.

*Moderato.* (נישט גאָר גיך.)

*mf*

אבראַמל׳ענקאָ נאַש,
אבראַמשענקאָ נאַש,
פּראַדיאַדקא טי נאַש.
פּראָש טי באָגאַ זאַ נאַס,
פּראָש טי באָגאַ זאַ נאַס,
פּראָש טי באָגאַ זאַ נאַס.

אבי נ ס וויקופּיל
אויס דעם גלות וויכּראָוואַדזיל
לאַרצנו זאַפּראָוואַדזיל.
לאַרצנו נאַש, לאַרצנו נאַש.

II

יצחק׳ליענקא נאַש,
יצחק׳שענקא נאַש
דיאַדקא טי נאַש.

פּראָש טי באָגאַ זאַ נאַס,

פראָש טי באָגאַ זאַ נאַס,
פראָש טי באָגאַ זאַ נאַס·

אבי נאַס וויקופּיל א. ז. ו.

III

יעקב'ליענקאָ נאַש,
יעקב'שענקאָ נאַש,
איטשולקו טי נאַש.
פראָש טי באָגאַ זאַ נאַס,
פראָש טי באָגאַ זאַ נאַס,
פראָש טי באָגאַ זאַ נאַס.

אבי נאַס וויקופּיל א. צ. ח.

IV

עשו ניע ליענקאָ נאַש,
עשו ניע שענקאָ נאַש,
עשו ניע שענקאָ נאַש·
ניע פראָש באָגאַ זאַ נאַס,
ניע פראָש באָגאַ זאַ נאַס,
ניע פראָש באָגאַ זאַ נאַס.

אבי נאַס וויקופּיל א. צ. ת.

# סטרעדאיו.

*Moderato.* (נישט גיך)

*mf*

יו—דאַ-סטרע, יו—דאַ-סטרע, יו—דאַ-סטרע, יו—דאַ-סטרע

יו-קראַ זשים———טשו וו, יו-דאַ-סטרע, יו-דאַ-סטרע, יו-דאַ-סטרע.

,טי—סי-פרא באַ-כליע יו———קראַ זשים-טשו וו

טי-פי-קו טשעם מאַ—ני יאַק, טי-סי-פראָ באַ—כליע יו-קראַ זשים-טשו וו

,ניו—מו—ראַ—אַב, ניו—מו—ראַ—אַב

ראַ-אַב ניו-מו-ראַ-אַב, ניו-מו—ראַ—אַב, ניו-מו-ראַ-אַב, ניו-מו-רא—אַב

יע טי טשעם זאַש קאַ-רוש———————דיע פראַ, ניו—מו

סטרעדאַיו, סטרעדאַיו. (ביס)
סטרעדאַיו, סטרעדאַיו, סטרעראַיו,
וו'טשוזשים קראַיו.
וו'טשוזשים קראַיו כליעבאַ פראָסיטי (ביס)
יאַק נימאַ טשעם קופּיטי.

אַבראַמוניו, אַבראַמוניו, (ביס)
אַבראַמוניו, אַבראַמוניו, אַבראַמוניו.
פראַדיעדושקאַ טי נאַש.
טשעם טי ניע פראָסיש באָגאַ זאַ נאַס? (ביס)

טשאַס דאָ דאָמו טשאַס!
אַבי נאַס וויקופּיטי,

סיש—פראָ ניע טי טשעם זאַ? נאָס־זאַ גאַ—באָ סיש——פראָ

טשאָס מו———דאָ דאָ טשאַס נאָס זאַ גאַ———באָ

נו———צֵ—אַר—לְ טי—פי—קו—ווי נאָס בי—אַ

טי—די—וואַ-פראָ נו———צֵ—אַר—לְ טי—די—וואַ-פראָ

נו———צֵ—אַר—לְ טי—די—בו—ווי בית-ה-מק-דֶש

נאַש, נו———צֵ—אַר—לְ נאַש,

נאַש. נו———צֵ—אַר—לְ

לארצנו פראָוואַדיטי,
לארצנו פראָוואַדיטי,
בית המקדש ה יבודיט,
לארצנו נאַש!

II

סטרעדאַיו א. אַ. וו.
יצחק'וניו א. אַ. וו.
באַראַנעק טי נאַש.
טשעם טי ניע פראָסיש א. אַ. וו.

III

סטרעדאַיו א. אַ. וו.
יאַקובוניו א. אַ. וו.
פּאַסטושעק טי נאַש.
טשעם טי ניע פראָסיש א. אַ. וו.

# אַ פּאַסטאַכ'ל.

*Recitatiwo a la pastorale.* (פּאַסטאָראל)

I אַ טאַך-פּאַס א אויף קען-שי-אָן וויל גאָט אַז
II מיט גען-ווא א טענס-ווי דער פֿון ער זעהט

I פֿאַר ,רה — — — — — — — צָ
II גע ער האָט ,לאַך-דע — — — — — — שטיין

I גע-צי-איין-איין דאָס אים ער דזעט-בלאָנ
II די לע-פּע-שע פון איז דאָס אַז ,מיינט

I ,אוי ,לע-פּע — — — — — — שע
II ,לעך-דע — — — — — — בּיין

I II ,אוי ,אוי !אוי ,אוי ,אוי ,אוי

I II ,אוי ,אוי ,אוי ,אוי ,אוי ,אוי ,אוי ,אוי !אוי

I II בּיד יאַ זשע-יאַק אַ ,טאָ-ניש מאַ-ני ,דו-בי דאַ-בי

I II ער געהט .דו-פּרי צי-אָוו בעז ,ני-זשאָ דאָ ,מו-דאָ דאָ

I קען-געטש-יונג אַ טענס-ווי דער פֿון ער זעהט
II קען-טיטש-נ'אַל

י

אז גאָט וויל אָנשיקען אויף אַ פּאַסטוך אַ צרה,
פּאַרבּלאָנדזעט ער איהם דאָס איינאיינציגע שעפּעלע
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי,
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי,
אוי. אוי. אוי. אוי!

בידא בידו,
נימאַ נישטאַ,
אַ יאַק זשע יאַ בידני דאַ דאָמו דאַ זשאַבי
בעז אָווצי פּרידו.

**II**

# געהט ער, זעהט ער אַ וואָגען מיט שמיינדעלאך

האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז פון שעפּעלע די ביינ־
דעלאַך.

אוי, אוי, אוי, אוי, אוי,
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי,
אוי, אוי, אוי, אוי, אוי!

בידאַ, בידו א. אַ. וו.

III

געהט ער, זעהט ער פון דערווייטענס
אַ יונגעטשקער פּיער׳ל געהט, און מען רופט איהם
הריציו.

שרייט ער:

— הריציו, הריציו, הריציו!
— טשעהאָ?
— טשי טי ני באָטשיוו מאָיו אָוויעטשענקו?
— יאקויו?
— נאַ לעבו ריזשענקו, פּיד באָראָדעק סטריזשענקו.
— אַ כוואָסטיק?
— בעלינקי.
— ני ני באָטשיוו.

בידאַ בידו א. אַ. וו.

IV

געהט ער, זעהט ער פון דערווייטענס אַנ׳אַלטיטשקער
פויער׳ל געהט

און מען רופט איהם הריציו.

שרייט ער:

— הריציו, הריציו, הריציו!
— טשעהאָ?

— טשי טי ני באַטשיוו מאָיו אָוויעטשענקו?
— יאַקויו?
— נאַ לעבו ריזשענקו, פיד באָואָדעק סטריזשענקו.
— אַ כוואָסטיק?
— קוצענקי!
— באַטשיוו, באַטשיוו!
— ני בידאַ, ני בידו,
דאָס שפּעלע איז דאָ.
אַ יאַק זשע יאַ יועסאָלי?
דאָ דאָמו דאָ זשאָני ז'אָוצאָי פריד.

# פּאָ טים באָצי דונאַיו.

*Largo.* (ברייט)

*mf*

פּאָ טים באָ—צי דו—נאַ—יו,

ני דאַ—לֶע—קאָ וויד קראַ-יו, פּאָ—טו—פּאַ——

יו— פּאָ—טו—פּאַ——יו. וִ—יְ—רָ——

אֶה—רִ—נְ—גְ——נו, עד צָ——

רֶב, עד ע——רֶב.

פּאָ טים באָצי דונאַיו,
ני דאַלעקאָ וויד קראַיו,
פּאָטופּאַיו, פּאָטופּאַיו.

ויראה רינונו עד ערב.

קריטשיט קאָזאק: ראַטויטע,
ראַטוי מענע מאַטושקאַ!
פּאָגיבאַיו, פּאָגיבאַיו.

ויראה פדיוננו עד ערב.

נימאַ ווּעסלאַ אי טשעלנאַ,
אומיראַט פרישלאַ פּאָרא,
פּאָטופּאַיו, פּאָטופּאַיו

# ?רויז, רויז, ווי ווייט ביזטו

*Largo.* (טיף מיסטיש.)

*mp*

רויז, רויז, ווי ווייט ביז——טו?

וואלד, וואלד, ווי גרויס ביז——טו?

וואלט די רויז נישט אזוי ווייט גע——ווען.

וואלט דער וואלד ניט אזוי גרויס גע——ווען.

דער רימינוהער רבי איז ארויסגעגאנגען פרייטאג פאר נאכט אין פעלד אריין. האט ער געהערט א פאסטוך זינגען א ליד: „רושא, רושא יאק מי דאלעקא!" האט ער געזאגט, אז מען קאן נישט וויסען, וואס פאר א סודות עס שטעקט אין דעם דאזיגען ניגון און אויף מארגן צו שלש־סעודות האט ער געזונגען דעם זעלבען ניגון מיט די ווערטער:

I

רויז, רויז, ווי ווייט ביזטו?
וואלד, וואלד, ווי גרויס ביזטו?
וואלט די רויז נישט אזוי ווייט געווען,
וואלט דער וואלד נישט אזוי גרויס געווען.

II

שכינה, שכינה, ווי ווייט ביזטו?
גלות, גלות, ווי לאנג ביזטו?
וואלט די שכינה נישט אזוי ווייט געווען,
וואלט דער גלות נישט אזוי לאנג געווען.

דאס ליד ווערט ווידערהאלט מיט ווערטער און אהן ווערטער אהן א סוף.

# מאַטקאַ קאַזאַלאַ, אָזשעכּוו אורוואַטש.

*Moderato.* (בעוועגט.)

mp

קאַ—מאַט קאַ קאַ—זאַ—לאַ, קאַ—זאַ—לאַ,, קאַ—

—זאַ—לאַ, —אָ—זשע—כּוו אור—וואַטש,

(איינגעהאלטען)

יאַק—ווי—סאָ—קע דזשע—וויצ—קי. ניע מאָ—גאָן איך

יאַק ניז—קע כּלאָ—פּאַצ—קי.

דאָס—טאַטש, ניע מאָ—גאָן איך דאָס—טאַטש.

מאַטקאַ קאַזאַלאַ, קאַזאַלאַ, קאַזאַלאַ,
אזשעכּוור אורזואַטש; (בּיס)
נאַק וויסאָקע דזשעוויצקי,
יאַק ניזקע כלאָפּאַצקי,
ייע מאָגאָן דאָסטאַטש. (בּיס)

די מאמע האָט געהייסען, געהייסען, געהייסען,
די ניסעלאַך רייסען; (בּיס)
אוֹי, ווי הויך זענען די בּוימעלאַך,
אוֹי, ווי קליין זענען די אידעלאַך,
זיי קאָנען נישט דערגרייכען. (בּיס)

# וו׳מעסטעטשקאָ ליאַדי.

*Andante con Religioso.* (לאַנגזאם און מיט וואַקסענדע חסידישען עקסטאַז)



וו׳מעסטעטשקאָ ליאַדי,
מאָהיליעווסקאי הובערני, (פיר מאָל
דוכאָוונאָמו ראַבינו שנייערסאָנו.

## אָ וואַי בראַטצעָ, צאָ טאָ יום זה זנאטשי?

*Allegretto.* (בעוועגט)

I

אָ וואַי בראַטציע,
צאָ טאָ יום זה זנאַטשי?
— יום זה זנאַטשי
ניע איִנאַטשיי:
טען דזיען יעסט וויִיענטי,
באָ אָן יעסט באָזקאָ שוויענטיִ,
באָ טאָ טאַק פאַן בוג כציאַל,
זשעביִ צלאָוויעק אָטפּאָטשיִנעק מיאַל.

II

אָ וואַי בראַטציע,
צאָ טאָ ששת זנאַטשי?
— ששת זנאַטשי
ניע אינאַטשיי:
שעסטש דני נאַ ראָבאַטי,
שיודמי דזיען שוויענטאָ סובאָטי,

ניע וואָלנאָ ראָבּיִטש זשאַדניי ראָבּאָטיִ.
בּאָ טאָ טאַק פּאַן בּוּג כציאַל,
זשעבּיִ צליאָוויעק אָדפּאָטשיִנעק מיאַל.

III

אָ וואַי בּראַטציע,
צאָ טאָ אוֹכל זנאַטשיִ?
— אַוֹכל זנאַטשיַ
ניע איִנאַטשיי:
ריִבּיִ סענדאַקיִ, נאַילעפּשע סמאַקיִ,
דאָבּרע פּיִטציע, דאבּרע יעדזעניע,
בּיאַלאַ כוּסטעטשקע וו׳קעשעניע.
בּאָ טאָ טאַק פּאַן בּוּג כציאַל,
זשעבּיִ צליאָוויעק אָדפּאַטשיִנעק מיאַל.

# די ווידוי פון ר' מאיר פּראָמישליאַנער.

*Largo.* (ברייט.)

מו —— דאָ דאַ טשאַס 'טשאַס מו —— דאָ דאַ טשאַס

מו —— דאָ דאַ טשאַס אוי !טשאַס מו —— דאָ ד֫אַ טשאַס !טשאַס

יאַק ,טי־טשאַ וויִע —— אַט דע —— בו יאַ שאָ !טשאַס

,טי —— טאַ —— פּי נע —— מע דע —— בו בוג פאַן

,טי —— ליאַ —— באַוו —— זאַ יאַ - וורעמ קע —— טיל

,טי —— ליא —— ראָב —— זאַ ני האָ —— טשאַ ני טאַי

!פּישאַס מו —— דאָ דאַ טשאַס אַ

טשאַס דאָ דאָמו טשאַס. (פּיער מאָל)
שאָ יאַ בודע אטוריעטשאַטי,
יאַק פאַן־בוג בודע מענע פּיטאַטי:
טילקאָ וורעמיאַ זאַבאַווליאַטי,
טאַי ניטשאָהאָ ני זאַראָבליאַטי.
אַ טשאַס דאָ דאָמו טשאַס!..

טשאַס דאָ דאָמו טשאַס. (פּיער מאָל)
אָי, שאָ יאַ בודע אָטוריעטשאַטי,
יאַק דין וחשבון טרעבא בודע אָטדאוואַטי,
אַ טאַם ני מאָזשנא בריכאטי
אַ כאַבאַראַ ני מאָזשנאַ דאַוואַטי,
טילקאָ פּראַוודאַ סקאַזאַטי.
אָי, טשאַס דאָ דאָמו טשאַס!..

# פיוו יאַ אונידיליו.

*Andante Moderato.* (ניִשט גיך.)

,לו—בי—קאָ סוואו יאַ פיוו פראַ אי ,ליוו - די - ני או יאַ פיוו

(גיכער)

ט׳—ליאַ—הו—יאַק ט׳ ——— זנאַ באַ—טרע באַ—טרע

.ט׳—ראַ—מי—או סאַ רעט—פרי באָ

.ט׳—וואַ—דאַ—אָט דֶק ——— צֶ בון—חֶש

מיר ,עם——ליאַ——הו טאי פיאָם מי אַ

וָ ,ים—מַ ווי——זוי אַ פצן—בראָנ קען טרינ

ים—מַ———שַׁ———הַ מָן מֶע—תש תָּה——אַ

(ערשטע טעמפא.)

באָ ,טוט מו——פיי . מאָ——קו מו——פיי

,רוט—ראַ ני ט׳ ——— סווי טים טאַם נאַ

(לאנגזאמער.)

. רוט—דא ני טשי רוט—ראַ טשי

!טוט—יעס—וויפ מאַ——קו שע—לוטש

פיוו יאַ אוֹ נידיליו,  
אי פראָפיוו יאַ סוואו קאָבילו.  
טרעבאַ זנאַטי,  
יאַק הוליאַטי,  
באָ פרידעטסיאַ אומיראַטי,  
חשבון צדק אָטדאַוואַטי.

אַ מי פיאָם טאַי הוליאַעם,
מיר טרינקען בראָנפען אַזוי ווי מים,
ואתה תשמע מן השמים.
פיימו קומאָ, פיימו טוט,
באָ נאַ טאם טים סוויטי ני די דו
— טשי דאדוט, טשי ני דאַדוט,
לוטשע קומאָ וויפיעם טוט!..

II

פי יאַ או פאנידילאָק,
אי פראָפיור יאַ וויעס זאַסיוואָק.
טרעבאַ זנאַטי
יאַק הוליאַטי א. אַ. וו.

III

פיור יאַ או ווטאָראָק,
אי פראָיור יאַ וואָלאָוו סאָראָק.
טרעבאַ זנאַטי,
יאַק הוליאַטי א. אַ. וו.

IV

פיור יאַ או סערעדו,
אי פראָפיור יאַ סוואו טשערעדו.
טרעבאַ זנאַטי
יאַק הוליאטי א. אַ. וו.

V

פיור יאַ או טשעטווערג,
אי אָסטאַווסיאַ יאַק טעפער
טרעבאַ זנאַטי
יאַק הוליאַטי א. אַ. וו.

V

פּיוו יאַ או פּיאַטניִצו,
אי פּראָפּיִוו יאַ ווסיו קראַמני...
טרעבאַ זנאַטי
יאַק הוליאַטי: א. א. וו

VII

פּיוו יאַ או סובאָטו,
אי פּראָפּיוו יאַ ווסיו ראַבאָטו.
טרעבאַ זנאַטי,
יאַק הוליאַטי א. א. וו.

# הוליאַוו יאַ או נידיליו.

*Andante.* (לאנגזאם און רעציטאטיוו מעסיג.)

הוליאַוו יאַ או נידיליו,
פּראָפּיוו יאַ סוואו קאָבילו.
טרעבאַ זנאַטי
יאַק הולאַטי,
ז'נאַשים פּאַנעם באָגאָם
ני זשאַרטאָוואַטי.
באָ נאַם טרעבאַ חשבון צדק אָטדאַוואַטי,
אַ מי פּיאָם טאי הולאַיעם,
ואַתּה תּשמע מן השמים.

II

הוליאַוו יאַ או פאָנידילאָק,
פראָוויפ יאַ יויעס זאסיוואָק.
טרעבאַ זנאַטי א. אַ. וו.

III

הוליאַוו יאַ או ווטאָראָק,
פראָפיוו יאַ וואָלאָוו סאָראָק.
טרעבאַ זנאַטי א. א. וו.

IV

הוליאַוו יאַ או סערעדו,
פראָפיוו יאַ ווסיו טשערעדו,
טרעבאַ זנאַטי א. אַ. וו.

V

הוליאַוו יאַ או טשעטווערג,
אי אסטאַווסיאַ יאַק טעפער.
טרעבאַ זנאַטי א. אַ. וו.

VI

הוליאַוו יאַ או פיאַטניצו,
פראָפיוו יאַ ווסיו קראמניצו.
טרעבאַ זנאַטי א. אַ. וו.

VII

הוליאַוו יאַ או סובאָטו,
פראָפיוו יא ווסיו ראַבאָטו.
טרעבאַ זנאַטי א. א. וו.

## נאשאַ יעווריִיסקאַיא סלושבאַ, טשערנאָבעלסקאַיאַ!

*Andante.* (פאַמעליך)

אָ — — טיעץ — ווֹ — דאָ — מוּ פּאָ — קִי — נוּ,
פּאָ — קִי — נוּ טאַי דאָ טשער — נאָ — בעל
פּאָ — יע — דוּ, פּאָ — יע — דוּ.
וואָט כּאָ — ראָ — שאָ, נא-סלאוו וואָט, עי,
נאַ — שאַ יעוו — רייס — קאַ — יאַ סלוזש — באַ טשער נאָ — בעל — סקאַ-
כּאַ — אוּ, יאַ —

אַטצאַ וו׳דאָמוּ פּאָקינוּ, פּאָקינוּ.
טאַי דאָ טשערנאבעל פּאָיעדוּ, פּאָיעדוּ.
וואָט כּאָראָשא, וואָט סלאַוונאָ.
עי, נאַשאַ יעווריִיסקאַיאַ סלוזשבאַ טשערנאָבעלסקאַיאַ,
אוּ כּאַ כּאַ!

מאַטי וו׳דאָמוּ פּאָקינוּ א. א. וו.
בראַטאַ וו׳דאָמוּ פּאָקינוּ א. א. וו.
סעסטרוּ וו׳דאָמוּ פּאָקינוּ א. א. וו.
זשינקוּ וו׳דאָמוּ פּאָקינוּ אַ. א. וו.
דיעטי וו׳דאָמוּ פּאָקינוּ א. א. וו.

אין וואָהלין זינגען דאָס די טשערנאָבאָלער חסידים נאָכן אלף בית און פּאַסען שיין צו אליין הערטער למשל: אלף - אָטצא וודאָמוּ פּאָקינוּ. בית— בראַטא, גימל — גברת, דלת — דיאַטקא א. א. ו.

# ציא טוט קראַוויעץ מעשקאַ?

*Religioso chasidoso.* (רעטשיטאַטיווומעסיג)

I

— רבינױ!

— וואָס מיין קינד?

— דאָ איז געווען אַ שייגעץ.

— אַ שייגעץ? וואָס האָט דער שייגעץ געזאָגט?

— דער שייגעץ האָט געזאָגט: ציא.

— „ציא“? אוי, „ציא“ איז אַ הייליגער וואָרט,

„ציא“ איז בגימטריאָ קוף אלף.

מען דאַרף לערנען די תורה קוף אלף פעמים,

און דאָס איז געווען אַ מלאך.

II

— רביניו!

— וואָס מיין קינד א. א. וו

— דער שייגעץ האָט געזאָגט: „טוט"!
— אַי „טוט"? „טוט" איז אַ הייליִגער וואָרט,
„טוט" מאַכט טלית און תפילין
„ציא", איז בגימטריא קוף אלף.
מען דאַרף לערנען די תורה קוף אלף פעמים,
און דאָס איז געווען אַ מלאך!..

III

— רביניו!
— וואָס מיין קינד? א. אַ. וו.
— דער שייגעץ האָט געזאָגט: „קראַוועץ".
— „קראַוועץ"? אוי, קראַוועץ איז אַ הייליגער וואָרט.
„קראַוועץ" מאַכט קול רינה וישועה, באהלי צדיקים,
„טוט" מאַכט: טלית און תפילין,
„ציא" איז בגימטריא קוף אלף.
מען דאַרף לערנען די תורה קוף אלף פעמים
און דאָס איז געווען אַ מלאך!..

IV

— רביניו!
— וואָס מיין קינד? א. אַ. וו.
— דער שייגעץ האָט געזאָגט: „מעשקאַ"!
— אוי, „מעשקא?", „מעשקא" איז אַ הייליִגער וואָרט,
„מעשקא" מיינט מען משקה,
מען דאַרף נעמען אַ ביסעלע משקה,
„קראַוועץ" מאַכט: קול רינה וישועה באהלי צדיקים,
„טוט" מאַכט: טלית און תפילין
„ציא" איז בגימטריא קוף אלף.
מען דאַרף לערנען די תורה קוף אלף פעמים,
און דאָס איז געווען אַ מלאך!..

# דער אַדרעס צום ליאַדיער רֶבין.

*Recitatiwo.* (רעטשיטאטיוו.)

- הי - מאָ - לע - טע - פין - א ,ניו - די - לאַ קאָ-טעטש-וו׳מיצס
- דו . לע - טפֿ - פין א ,ניו - בער - הו סקאי - לצוו
א ,נו - סאָ - ער - שניי ,נו - בי - ראַ מו - נאַ - כאָוו
גער - לי - היי דיר איך שרייב כּן על . לע - טע - פין
- פר די אַז ,ניו - בי - ךָ
די און .אַ. אַי אַי אַי אַי אַי נישט מיר ביי איז סה - נָ
אַי אַי אַי אַי זוי אַ נישט אויך וונד גע אין איז ווייב
אַי אַי אַי אַי סער-גהוי רער ראָך ביוט דו און ,אַ אַי אַי אַי
- די - ליא קאָ - טעטש - וו׳מיצס .מיר זשע העלף טאָ אַי
- דו ,ניו - בער - הו סקאי-לצוו - הי - מאָ ,ניו
- סאָ - ער - טניי ,ניו - בי - ראַ ,מו - נאַ - כאָוו
נו׳ וו׳מיצס שניי - ער - סאָ - נו.

**וו׳מיעסטעטשקאָ ליאַדיניו,—**

**אַ פּינטעלע.**

**מאָהילעווסקאי הובערניו, —**

אַ פּינטעלע.
דוכאָוונאָמו ראַביִנו שנייערמאָנו —
אַ פּינטעלע.

על כן שרייב איך דיר הייליגער רבּיניו,
אַז די פּרנסה איז ביי מיר נישט אַי אַי אַי אַי אַי אַי אַי,
און די ווייב איז בקו הבריאות אויך נישט אַזוי
אַי אַי אַי אַי אַי אַי אַי,
און דו ביזט דאָך דער גרויסער אי אַי אַי אַי אַי אַי אַי,
טאָ העלף זשע מיר!

וו'מעסטעטשקאָ ליאַדיניו,
מאָהילעווסקאָי הובערניו,
דוכאָוונאָמו ראַביִנו
שנייערסאָנו! } בּיס

# דְאַנְדַרְנָא - אָטקראַי מניע - דווערו

Largo. (ברייט.)

*mf*

דִי - אַנ - דְרַ - נָא, אַט - קראַי מ - ניע - דווע - רו;
חָ - וֶה - ניו, ליו - בו - ניו,

אִי - בּאַ - מ - ניע - האַ - ריל - קו - טרע - בּאַ.. א
הער נאַר אויס, וואָס דער רל-ע-דַ-בּרט אויס. ער

יאַ - טע - בִּיע - פרי - נע - סו נאַ פּראַז - ניק.
זאָגט ער וועט גע - בען א הון אויף כַּ - פָּ - רות.

בּע - לאַ - האָ פּיע - טו - כאַ, נאַ פּראַז - ניק.
א כַּ - פָּ - רָה זאָל - סטו - ווע - רען מיט יאַכ - מען - צו - זאַ - מען.

I

דְאַנְדַרְנָא,
אָטקראַי מניע דווערו!
אִיבּאָ מניע האריל קו טרעבּאַ,
אַ יאַ טעבּע פּרִינעסו נאַ פּראַזניק,
בעלאהא פּעטוכאַ, נאַ פּראַזנִיק.

חוה'ניו, ליובעניו
הער נאָר אויס
וואָס דער ערל דבר'ט אויס,
ער זאָגט ער וועט דיר ברענגען
אַ הוהן אויף כפּרות.
— אַ כּפּרה זאָלסטו ווערען
מִיט טראָכִימען צוזאַמען!

II

דאַנְדַרְנָא,
אָטקראַי מניע דווערו!

איבאַ מניע דיהאָריִלקו טרעבאַ.
אַ יאַ טעבע פּרינעסו נאַ פּראַזניִ-
זשולטאַהאַ וואסקו נאַ פּראַזניק.

חוה'ניו, ליובעניו!
הער נאָר אויס
וואָס דער ערל דבר'ט אויס.
ער זאָגט ער וועט דיִר ברענגען
געלען וואַקס אויף ליִכט.
— אוי, ליכט זאָל מען נאָך דיִר ציִנדען
מיִט טראַכיִמען צוזאַמען!

II

דאַנדרנאַ,
אָטקראָי מניע דווערו!
איבאָ מ.יע הארילקו טרעבאַ.
אַ יאַ טעבע פּרינעסו נאַ פּראַזניק,
בעלאָהאַ פּאָלאָטנאָ נאַ פּראַזניִק.

חוה'ניו, ליובעניו!
הער נאָר אויס,
וואָס דער ערל דבר'ט אויס.
ער זאָגט, ער וועט דיר ברענגען
לייווענט אויף יום טוב.
— אוי, תכריכים זאָל מען דיר נעהען
מיִט טראָכימען צוזאמען.

# !אמר ד׳ ליעקב, ני באָיוס ניקאָוואָ

*Andante Religioso.* (לאנגזאם,רעליגיעז)

*mf*

קב-יַע——— ל׳ ני—דו—א מַר——אָ

אל ואגט-גע צו מיר דאך האסט יאָ, טע——טא ,יאָ

יוס—באָ ני קב—יַע די—עַב רא——תי

הא—קא ני !הָאָ—קאָ — ני

רו———וויע ני יוס—בא ני

.מו——נא——אָד הו—באָ קאָ-טאָל מו—קא ני

I

אָמר ד׳ ליעקב, יאָ, טאַטע, יאָ
האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט: אַל תירא עבדי יעקב.
ניע באָיוס ניקאָוואָ!
ניע קאָוואָ ניע באָיוס
ניע וויערו ניקאָמו
טאָלקאָ באָהו אֲדנאמו.

II

בחר ד׳ ביעקב, יאָ, טאטע, יאָ!
האָסט דאָך מיר צוגעזאָגט: אל תירא עבדי יעקב.
ביע באָיוס ניקאָוואָ א. א. וו.

III

גאל ד׳ את יעקב א. א. וו.

# קודי יידיש?..

*Moderato.* (נישט גיך)

mf

?דיש—יי טשעם-זאַ ?דיש—יי די—קו ,דיש—יי אוי

אונ ?דיש—יי דיש—יי דיש—יי ?דיש—יי ,דיש—יי ,דיש—יי

,דיש——יי מען רעדט,רעדט מען אַז און ,דיש—יי מען טראַכט,טראַכט מען אַז

.דיש——יי ,דיש—יי דיש—יי ,דיש—יי ,דיש—יי ,דיש—יי

1.

אוי, יידיש,
קודי יידיש?
זאטשעם יידיש?
יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.

און אַז מען טראַכט —
טראַכט מען יידיש.
און אַז מען רעדט —
רעדט מען יידיש.
יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.

II

יאק יידיש —
טאָ פּאָיידיש.
יאק יידיש —
טאָ דאָיידיש.
יידיש, יידיש, יידיש,
יידיש, יידיש, יידיש.

## III

יאַך ני יידיש

טאָ ני פּאָיידיש;

יאַך ני יידיש

טאָ ני דאָיידיש.

יידיש, יידיש, יידיש,

יידיש, יידיש, יידיש.

---

און אַזוי ווייטער זינגט מען דאָס מיט אייגענע ווערטער למשל:

און אַז מען עסט —

עסט מען יידיש.

און אַז מען זינגט —

זינגט מען יידיש.

דער היוצא לנו, אַז וואָס אַ ייד טהוט, דאַרף זיין יידיש.

דער ווייץ פון ליד'ל איז, וואָס דאָס וואָרט „יידיש" טייטשט זיך אויס אויף אוקראַיניש „פאַהרען" און אויף יידיש איז דאָס אידיש — אידישלאַך...

# וואס ביזטו קאַטינקע באַרוגז?

I

וואָס ביזטו קאַטינקע באַרוגז.
וואָס געהסטו אַראָבגעלאָזט די נאָז?
אוי, אפשר ווילסטו וויסען מיין יחוס
און פון וואַנען און פון וואָס.

II

מיין טאַטע איז אַ שמאַרעוואָזניק,
די מאַמע גנב'עט פיש אין מארק;
און דער ברודער איז אַ קאַרטאָזשניק,
און די שוועסטער... טי די די די די די די דאָם...

III

דער פעטער איז געשטאַנען אין די ראַגעז,
די מומע — אַ הענדלערקע אין גאַס;
און דער ברודער זיצט אין די אָסטראָגען,
און די שוועסטער... טי די די די די די די דאָם...

IV

דער זיידע איז געווען אַ שוחט

די באָבע — אַ טוקערען אין באָד;
און אַליין בין איך אַ ממזר,
און געצומען בין איך פון פריוט...

# פֿליה זשע מיין פֿויגאַלע.

*Allegretto.* (באוועגט)

פליה זשע מיין פוי - גא - לע הע - כער פון א - לע,
גיב אָב א ג - רוס מיין לי - בע כַּ - לה: אז
כ'וועל שוין מער ניט גנ - בע - נען, נאר דאָס מאָל און נאָך א מאָל,
כ'וועל שוין מער ניט גנ - בע - נען, נאר דאס מאָל און נאָך א מאָל.

I

פליה זשע מיין פויגאַלע, העכער פון אַלע,
גיב אָב אַ גרוס מיין ליבע כלה.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט גנב'ענען
גנב'ענען, גנב'ענען, גנב'ענען;
כ'וועל שוין מעהר נישט גנב'ענען,
נאָר דאָס מאָל און נאָך אַ מאָל.

II

פליה זשע מיין פויגאַלע, העכער מאָווער,
גיב אָב אַ גרוס מיין ליבען חבר.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט א. א. וו.

III

פליה זשע מיין פויגאַלע, העכער און העכער,
דער ערשטער פאָטשין — אַ גאָלדענער בעכער.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט א. אַ. וו.

IV

רבונו של עולם, דו העלף מיר אַ שטייגער,

דעם צווייטען פּאַטשיִן — אַ גאָלדענעם זייגער.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט א. אַ. וו.

V

רבונו של עולם, מאַך מיִך נישט צום נאַר,
דעם דריִטען פּאַטשיִן — אַ נאַקלאַדנעם סאַמאָוואַר.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט א. אַ. וו.

VI

רבונו של עולם, דו ביזט דאָך אַ גוטער,
העלף מיִר פּאַטשאַפּיען אַ פייענעם פוטער.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט א. אַ. וו.

VII

רבונו של עולם, האָב אויף מיִר רחמנות,
און שיִק מיִך נישט אָן צו אָרימע אלמנות.
אוי, כ'וועל שוין מעהר נישט גנב'ענען א. אַ. וו.

# די בוימעלאך זיי בליהען.

I

די בוימעלאַך זיי בליִהען,
די פויגעלאַך זיי פליִהען; } ביס
די קייטעלעך זיי קליִנגען אויף מיינע פיִס,
אוי, וועה איז מיִר.

III

זיִצען זיִך איך מיִר אין טורמע,
און קוק אַרויס פון די קראַטען; } ביס
דער זומער, דער ליִבער, קומט אָן,
אוי, ווער איז מיִר.

III

איִך שטעה מיִר ביי דער טהיִר,
און באַטראַכט דעם אַרעסטאַנסטקען מונדיר; } ביס
מיין מונדיִר אַיִז פון סערוויִשען געוואַנט,
אוי, ווער איִז מיִר.

IV

אוי, ליגען, ליג איך אויף דער נארע
מיט מיינע ביינדעלאך די דארע;
צוויי פונט ברוט מיט וואסער א טאג,
אוי, וועה איז מיר.

ביס

V

מיין ווייב מיט מיינע קינדער,
לויפען אויף מיינע בייז-ווינדער;
צו אנקוקען דעם אייגענעם ארעסטאנט,
אוי, וועה איז מיר.

ביס

VI

כ'האב מיר קיינמאל נישט געהאלט גלויבען,
אויף מיין ג נצען לעבען,
אז מיין נאמען זאל הייסען ארעסטאנט,
אוי, וועה איז מיר.

ביס

# נאָר נעמען באַגראַנדע.

*Moderato.* (באוועגט.)

I

כ׳בין געווען א קליינער יאַט,
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען דעם טאַטען;
היינט זיך איך אין פאַוויאַק
און קוק אַרויס דורך די קראַטעז.
אוי, געוואַלד, כ׳וועל נישט גנב׳ענען
נאָר נעמען באַגראַנדע. ביס

II

כ׳בין געווען א קליינער יאַט,
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען דער מאַמען;
היינט זיך איך אין טורמע
און וואַלגער מיך אין די יאַמען.
אוי, געוואלד, כ׳וועל נישט ג. א. ה.

III

כ׳בין געווען א קליינער יאַט,
האָב איך נישט געוואָלט פאָלגען דעם ברידער;

היינט זיץ איך אין קיטשע
און זינג מיר לידער.

אוי, געוואַלד, כ׳וועל ניִשט א. אַ. וו.

IV

כ׳בין געווען אויף די פריי,
האָב איך געגעסען מיִט זיִלבערנע לעפעל;
היינט ליג איִך איִן קריִמיִנאַל
און עס מיִר פון שעפּעל...

אוי, געוואַלד, כ׳וועל ניִשט א. אַ.

V

די פויגעלאך שטעהען אויפ׳ן דאַך
און קוקען אַרונטער;
איִך האָב נאָך צו זיִצען
אַ זומער מיט אַ וויִנטער.

אוי, געוואַלד, כ׳וועל ניִשט אַ. אַ. וו.

VI

כ׳ביִן אַרויס פון קרימינאַל
מיִט אַ שעהנעם שטייגער;
דער ערשטער פּאַטשאָנטעק:
אַ גאָלדענער זייגער.

אוי, געוואַלד, כ׳וועל נישט גנב׳ענען,
נאָר נעמ[ע]ן באַגראַנדע. (ביס)

# װאַרשעװער קאַדעטען.

*Allegretto* (װאױלינגעריש.)

I

װאַרשעװער קאַדעטען
זײ זענען װאױלע יונגען;
זײ האָבען אױסגעקליבען אַ סופּניק
ער זאָל זײ לידער זינגען.

(צוזינג אָהן װערטער

II

דער ערשטער פון דער באַנדע
איז יאַנקעלע דער קלײנער;
דער צװײטער פון דער באַנדע
איז נחום׳ל דער שעהנער.

(צוזינג)

III

דער דריטער פון דער באַנדע
איז דוד האָפּטשיקטשאַק;
דער פערטער פון דער באַנדע
איז משה קורעלאַפּ...
(צוזינג)

וי ס'געוואָרען נאַכט
זיצען זיי און טראַכט,
נעמען צו באַשניפּען
די היינטיגע נאַכט.
(צוזינג)

V

ווי ס'געוואָרען טאָג,
זוי, אַ יאָמער און אַ קלאָג,
אַ יאָמער און אַ בראָך —
אין פענסטער ס'געוואָרען אַ לאָך...
(צוזינג)

VI

מ'גיט שוין צוואַנציג רובעל
צו פערטרייבען, אוי, דאָס מעבעל;
מע גיט שוין צוואַנציג רו"כ
צו בערייבען, אוי, די זאַך...

VII

כ'בין אַ מאַרעוויכער,
כ'האַנדעל מיט די סקאָקען...
כ'האָב אָפּגענאַרט דעם ספּראַווניק
און אַנטלאָפען אין די זאָקען.
(צוזינג)

VIII

און אַז מע קען נישט גנבֿנ'ען
נעמט מען זיך נישט אונטער;
און אַז מע קומט איז קיטשע
קרענקט מען אַ גאַנצען ווינטער.

(צוזינג)

# אינהאַלט פערצייכנונג.

## ערשטע אָבטיילונג.

## ליבע-לידער.

זייט:

צווייטע אָבטיילונג.

## לידער פון לעבען.



דריטע אָבטיילונג

## טיש- און טרינק-לידער.

פערטע אָבטיילונג.

## הומאָריסטישע לידער.

## פינפטע אָבטיילונג.

# אידיש און גוי'אִיש.

זייט: